

יזכור
צווייטע פערגרעסערטע
אויפלאגע
רעדאגירט
פון
א. האשש
ד. שניאור
געצייכענט
פון מ. לאעב
ארויסגעגעבען פון
פועלי ציון פאלעס־
טינא קאמיטעט
ניויארק תרע״ז

# יזכור

צום אנדענקען
די געפאלענע
וועכטער און
ארבייטער אין
ארץ ישראל.

## אינהאלט:

# אינהאלט:



„יזכור" — אנ'אנדענקונג
נאך די געפאלענע אידישע
שומרים און ארבייטער אין ארץ
ישראל.

„יזכור" — איינציגע בלעט־
לאך, יאהר־צייט־ליכטלאך נאך
די פערגאנגענע יונגע לעבענס.

שטיל, צווישען די זוניגע
פרדסים און כרמים פון יהודה,
צווישען די כמורנע בערג און
גרינע פעלדער פון גליל, האבען
די טרייע זיהן פון פאלק זייער
אידעאל געדיענט, און שטיל
מיט'ן גאנצען הארצען, מיט
מסירות־נפש די ערשטע קוים
זיכטבארע פעדים פון'ם מאר־
גען געוועבט...

אויף'ן שפיץ בארג, פון וואַ־
נען ס'שפרייט זיך דער ווייטער
אויסזיכט פון דער אויפגעהענ־
דער צוקונפט, מיט'ן רוקען צום
מדבר האבען זיי דעם נייעם
וועג געגראבען — דארט האבען
זיי זייערע קברים געפונען...

ניט ווי פרעדיגער — נאר ווי ע ר א ב ע ר ע ר זיינען זיי געקומען. און צום ערשט איז געווען ד י ט ה א ט. ווי אמת גלויביגע האבען זיי צום ערשט אליין מיט זייערע כחות, מיט לייב און לעבען אבגעגעבען זיך דער נייער אמונה, דעם נייעם אידעאל.

אויפריכטיגע, טרייע צו זיך אליין האבען זיי קודם כל אין זייער אייגענער נשמה דערפיהלט דעם ח ל ל, דעם פ ג ם פון׳ם אידישען לעבען. זיי האבען דערפיהלט די גאנצע קללה פון אונפרודוקטיווקייט וואס הענגט אויף אונז: דעם גאנצען אונגליק פון דער „געטא“. די געטא פון אידישע מלאכות און פרנסות; די געטא פון דער אידישער יצירה, די געטא וואס האט אפט פערשפרייט שהנע הימלען איבער אונזער קאפ, אבער קיינמאל ניט קיין ע ר ד אונטער אונזערע פיס.

די בענקשאפט נאך דעם קרעפטיגען ארבייטס־ווילען, נאך דער עלעמענטארער ש א פ ו נ ג ס ־ ק ר א פ ט, וואס רייסט אויס בערג, נעהמט איין א וועלט, די דאזיגע בענקשאפט האט זיי געפייניגט. זיי האבען אנ׳אויסוועג געזוכט...

זיי האבען דעם תיקון פון אידישען לעבען אינ׳ם תיקון פון זייער אייגענעם פערזענליכען לעבען געפונען. דורך זיך זעלבסט האבען זיי געשטרעבט צו ווירדיגען דעם אידישען לעבען, הייליגען די אלטעגליכקייט און דערהויבען דעם אידישען מענשען.

א נייע רעליגיע האבען זיי זיך געשאפען — ד י ר ע ל י ג י ע פ ו ן א י ד י ־ ש ע ר א ר ב י י ט.

* * *

די ליעבשאפט צו ארץ ישראל, וואס האט דורות לאנג טיעף געגליהט אינ׳ם הארצען פונ׳ם פאלק: וואס האט ווי א פערזויגעלטע הייליגקייט געלויכטען אין זיין נשמה, די דאזיגע ליעבשאפט צוזאמען מיט דער טויזענד יעהריגער צוגעדריקטער בענקשאפט צו דער מוטער ערד: — דער טיעפער דראנג פון מענשען צו זיין יסוד, צו דער נאטור — האבען אויסגעבראכען אין די הערצער פון די דאזיגע פיאנירען אידעאליסטען, אויסגעבראכען מיט׳ן גאנצען אימפעט און קראפט פון דורות לאנג איינגעצוימטען און איינגעשפארטען פאלק׳ס־געפיהל.

די אלטע בענקשאפט צום לאנד פון די אבות איז ארויס פון דער געטא, פונ׳ם פערשטויבטען בית המדרש לופט, פון די נאאיווע פאלק׳ס ־ פאנטאזיעס, פון די פערוועלקטע בלעטער.

די אלטע בענקשאפט האט אין זיך פרישען ערד־זאפט איינגעזויגען, און מיט העלען זונען־שיין אנגעטרונקען און צובליהט זיך אין מאנדלען און אראנזשען בוימער פון יהודה און אין תבואה־זאנגען פון גליל.

די אלטע בענקשאט צום אייגענעם לאנד, וואס האט ווי א וויעג־ליעד שטיל, הארציג און מוטערליך געטרייסט און נאכגעזונגען דעם פאלק דור איין דור אויס האט אויפ׳ן רעאלען באדען פונ׳ם זוניגען ארץ ישראל א נייעם קלאנג בעקומען, — א קלאנג פונ׳ם בוימער־און אקער־ליעד, א קלאנג פונ׳ם קאמפף פאר פרייהייט און גליק...

די ליעבשאפט צום אידישען לאנד האט פרישע בלוט בעקומען, נייע יוגענד כחות אנגעזאמעלט און איז וויעדערגעבוירען געווארען.

זי האט אויפגעהערט צו לייכטען בלויז אין די טרערען פון די „מקוננים" און אינ'ם טויטען־שיין פון זכרונות. זי האט זיך אין שוויים און בלוט פערוואנדעלט, אין שוויים און בלוט, וואס פערזעהט און פערפלאנצט און בעפרוכטעט דיווירקליכע ערד פון ארץ ישראל. זי האט אויפגעשיינט מיט א נייעם שניי־העלען ליכט פון יוגענד און בליהונג: מיט דער יוגענד און בליהונג פון די גוטע און טרייע זיהן פון'ם אידישען פאלק.

די פיאנירען ארבייטער און וועכטער האבען געשעפט מוטה און טריישאפט אהן א שיעור פון דער אלט־נייער ליעבשאפט פונ'ם פאלק צו זיין לאנד. זי האט געפליגעלט זייער גייסט, געקרעפטיגט זייער ווילען און געשטארקט זייער מוטה. די דאזיגע איבערגעגעבענהייט און ליעבשאפט צום לאנד איז זייער שטארקסטער וואפען געווען אינ'ם שווערען קאמפף מיט זיך אליין און מיט די ארומיגע שווערע בעדינגונגען.

די אונמיטעלבארע בעריהרונג מיט דער היימישער ערד, די פארע פון איהרע אויפגעאקערטע פעלדער האט ווי דורך אנ'אייביגען צויבער בעהערשט די מחות און הערצער פון די צוריקגעקעהרטע זיהן און איז אריין אין זייער בלוט און מארך, און זיי האבען זיך ס'לאנד אינגאנצען אבגעגעבען.

* * *

די אידישע ארבייטער און וועכטער פון ארץ ישראל האבען דערפיהלט, אז דאס, וואס ווערט אויסגעארבייט מיט אייגענער שוויים און מיה, דארף פערטיידיגט ווערען מיט אייגען בלוט.

זיי האבען זיך געזאגט: מיר קענען ניט און ווילען ניט ערראבערען דעם זיגער קראנץ, אבער אונז איז שוין צום טויט מיאוס געווארען אויך דער מארטירער קראנץ פון אייביג געקריוודעטע.

אונזער גערעכטיגקייט מוז קודם כל אין אונז אליין איהרע פערטיידיגער געפינען.

מיר ווילען זיך פערשאפען די ווירדיגע מעגליכקייט פון זעלבסט־פערטיידיגונג.

און זיי האבען אויפגענומען די שמירה אין די אידישע קאלאניעס — דעם קאמפף פון זעלבסט־שוין.

* * *

אין דעם האלב־וויסטען געגענד, וואו ס'וואנדערען ארום די בעדואינער און וואו ס'לעבען די אראבישע מאסען, וועלכע רעספעקטירען בלויז די האנד וואס קען זיך אליין פערטיידיגען, אין דעם האלב וויסטען געגענד, וואו ס'פעהלט די קנאפסטע פערזיכערונג קעגען גנבות און גזלות, זיינען די אידישע ארבייטער און וועכטער גע־

צוואונגען געווען נעהמען זיך צום ג ע ו ו ע ה ר. מיט'ן טיעפסטען האס צו גוואלד און פיזישער מאכט זיינען זיי געצוואונגען דעם שווערד אין האנד צו נעהמען אום די האב און גוטס און די עהרע און ווירדע פון זייער פאלק צו פערטיידיגען.

די אידישע וואך אין ארץ ישראל וואס שטיצט זיך אינגאנצען אויף אייגענע כחות, איז דער פולסטער און שטארקסטער אויסדרוק פון אידישען מוטה און א י ־ ד י ש ע ר ג ע ו ו א ג ט ה י י ט.

די אידישע וואך אין ארץ ישראל איז די דרייסטעסטע און אינערליך פרייסטע טהאט פון'ם ציוניזם; זי איז די אויפריכטיגסטע און אונערשראקענסטע פאלגע פון'ם געדאנק וועגען ז ע ל ב ס ט ב ע פ ר י י א ו נ ג א ו ן ז ע ל ב ס ט ש ט ע נ ־ ד י ק י י ט.

* * *

די ארבייט און די וואך, די טראפען שוויס פון די ארבייטענדע אויף די פעלדער און דאס בלוט פון די געפאלענע אויף דער וואך, גיסען זיך צונויף אין א ליכטיגען שטראם פון'ם נייעם אידישען לעבען.

ס'איז דאס בלוט, וואס פרישט אויף אונזער עבר, דערהויבט אונזער געגענווארט און פאלט ווי א טוי אויף אונזער צ ו ק ו נ פ ט.

* * *

אינ'ם קאמפף מיט'ן שווערד אין האנד זיינען זיי געפאלען — דאך סארא גייסט פון פריעדליכקייט און ליעבשאפט ס'טראגט פון זייערע קברים.

אונשולדיגע ווי מארטירער פון זעלבסט פערטיידיגונג, טראגישע ווי דער אונ־גליק פון זייער פאלק, און שטארקע ווי די נויט פון זייער פאלק, זיינען זיי אינ'ם קאמפף געפאלען.

אין דער רוהיגער לייטזעליגער און פריעדליכער גייסט פון ערד־ארבייטער און פאסטוכער שוועבט ארום זייערע קברים...

* * *

נאהענט און טייער זיינען זיי דעם פאלק דערפאר ווייל זיי זיינען ביין פון זיין ביין און פלייש פון זיין פלייש. זיי האבען זייער מוטה און מסירות־נפש געשעפט פון דער גרויסער טריישאפט און ליעבשאפט צום אידישען פאלק.

זיי זיינען ניט נאר אידען־העלדען נאר די א י ד י ש ע העלדען. די העלדיש־קייט וואס קומט ד ו ר ך א י ד י ש ק י י ט א ו ן צ ו ל י ע ב א י ד י ש ק י י ט.

מיט'ן גרויסען וועהטאג פון אונזער לעבען, מיט'ן טיעפען גלויבען אין אונזערע כחות און מיט'ן ליכט פונ'ם מארגען־טרוים האבען זיי אונז, זיך אליין און די קומענדע דורות זייער לעבען אבגעגעבען.

זיי האבען דאס אידישע לעבען בעפרייהען געוואלט און זיך איינגעשפאנט אין

# יזכור

דעם שווערען יאָך פון ארבייט און וואָך; זיי האָבען דאָס פאָלק אויפלעבען געוואָלט און אליין דעם טויט געפונען. דער געזאַנג פון די קומענדע דורות האָט זיי בערוישט און זייער אייגענער געזאַנג איז אויף אייביג, אייביג פערשטומט געוואָרען...

*   *   *

זיי, וואָס זיינען געשטאָרבען אויס דער שטאַרקער און העכערער ליעבע צום לעבען; וואָס זיינען פערלוירען געגאַנגען אויס דעם גרויסען ווילען צו געפינען זיך — זיי זיינען דאָך די יום טוב'דיגע מתים צווישען די גרויע וואָכעדיגע לעבעדיגע פון דער אידישער וועלט. זיי האָבען דאָך אַ ציעל און אַ זין געגעבען דעם טויט, בערעכטיגט אונזער מאַרטירלאָגיע. זיי האָבען געלערנט מיט זייער טויט, אַז ס'איז פאַראַן פאַר וואָס צו שטאַרבען.

אויף די שטילע בעשיידענע צעוואָרפענע קברים — די וועג־צייכענס פאַר די לעבעדיגע —זאָל פאַלען דער בלאַנדזשענדער בליק פון פאָלק. זאָלען איהם אנטקעגען לייכטען די דאָזיגע איינזאַמע יאָהר־צייט־ליכט... זאָלען זיי איהם בעלייכטען דעם וועג צו זיך...






(פון פתח־תקוה ביז סערזשערא)

ס'איז געווען מיט צעהן יאהר צוריק — אין דער צייט פון דער נייער „עליה".
כ'בין אנגעקומען אין יפו און גלייך אוועק אין דער מעטראפאליע פון די אידישע קאלאניעס אין פתח־תקוה. דארט האב איך זיך געשטעלט ארבייטען.

די בענייעטע פיאנירען בעוועגונג איז דאן געווען אין פולען גאנג. מיט יעדער שיף זיינען אנגעקומען פרישע מענשען, און אונזער מחנה איז געוואקסען פון וואך צו וואך.

ס'זיינען אנגעקומען יונגע לייט פון אלע עקען פון רוסלאנד. פון קליינע און גרויסע שטעדט פון פוילען, ליטא, וואלין, דרום רוסלאנד; ישיבה בחורים, גימנאזיסטען. פערוואָרפען ביכער מיט די פלפולים און געקומען אויסלייזען ארץ ישראל דורך דער ארבייט. מיר זיינען אלע געווען פריש, מונטער און אונבעריהרט. פול מיט דער ערשטער נאך ניט געבראכענער בעגייסטערונג, זארגלאזע און פרעהליכע. מיר האבען זיך געפיהלט בענייט, ווידערגעבוירען. ווייט, ווייט פון דאנען איבערגעלאזען די שמאלע און שמוציגע געסלאך — און איצט לעבען מיר צווישען גערטנער און פרדסים. אלץ איז אנדערש, די נאטור, דאס לעבען און די ארבייט. אפילו די בוימער זיינען דא נייע — ניט ווי די בוימער „דארטען", — דער איילבוים, דער טייטעלבוים, דער מאנדעל־בוים, קאליפטוס — און איבער אלעמען אראנזשען. און דאס אלץ איז אייגענע. מיר אליין האבען עס געפלאנצט. אויס ביכער און באנק קוועטשעניש און פוסטע כח ארבייט — מיר ארבייטען. ניט נאר ארבייטען — מיר עראבערען; מיר עראבערען בארדען, לעבען. אנ'ארץ ישראל לעבען — און וואס געהט אונז אן!

פרעהליך פון נצחון זיינען מיר געווען. און אין די אבענדען נאכ'ן טאג פון ארבייט אדער פיבער, פלעגען מיר צוזאמענקומען אין דער ארבייטער קיך, אדער אויף די זאמדיגע שטעגען צווישען די כרמים און פרדסים און מיר פלעגען טאנצען, זינגען: האנד אין האנד, אקסעל ביי אקסעל אין קאראהאד.

* * *

ביי א יאהר צייט האב איך געארבייט אין פתח־תקוה און אין די אנדערע קאלאניעס פון יהודה. — מעהר ווי געארבייט האב איך געפיבערט און געהונגערט. כ'האב זיך מיט אלע דריי גאנץ גוט איינגעלעבט. מיין פיבער איז געווען זעהר פינקטליך און אקוראט, אלע צוויי וואכען צו 5—4 טעג. איך האב איהם שוין בעצייטענס ערווארט און ער האט מיך קיינמאל נישט אבגענארט. אויך מיין הונגער איז געווען א שטילינקער. ביי טאג פלעגט ער מיך גאר צורוה לאזען, נאר ביינאכט א מאל צובונטעווען זיך און ניט לאזען איינשלאפען.

אזוי האבען זיך געוועקסעלט די ארבייטס־טעג מיט פיבער. די יעניגע, וואס האבע־ ניט געפיבערט, האבען זיך פשוט געשעהמט פאר דער חברה, כמייטש — ארבייטע־ אין ארץ ישראל און ניט א פיעבער טון?

* * *

ס'זיינען אריבער די האניג ־ מאנאטען. און אז עס האט זיך אויסגעוועבט א ביסעל די ערשטע התלהבות, האט זיך פון דער נייער ראם אנגעהויבען צו בעווייזען אנ'אלטע בילד, א גלות־בילד. די הימלען טאקע נייע — א"י הימלען; די ערד א נייע — ארץ־ישראל ערד, אבער די קאלאניסטען — גלות מענשען מיט גלות זיטען.

זיי, די היינטיגע קאלאניסטען, זיינען אויך ווי מיר אמאל געקומען אהער מיט אידעאלען און גאולה־שטרעבונגען — נאר זייער נשמה יתירה האט זיך שוין לאנג פון זיי מסתלק געווען. די ערשטע פיאנירען זיינען מעקלער און קרעמער געווארען וואס האנדלען מיט די האפנונגען פון'ם פאלק, וואס פארקויפען פאר גראשענס זייערע יונגענד אידעאלען. די דאזיגע קרעמער האבען פערשוועכט די הייליגקייט פון ארץ ישראל דורך פרעמדער ארבייט.

מיר זיינען געווען אויפגעבראכט אויף די קאלאניסטען פאר זייער פערראט צום אידישען ישוב. און זיי האבען אונז פיינד געהאט. מיר זיינען געווען פאר זיי ווי א לעבעדיגער פראטעסט, ווי א פארוואורף, און זיי האבען אונז געהאסט און אויסגע־ לאכט. א תהום איז געלעגען צווישען אונז און זיי.

ווידער די ארבייט זעלבסט אין יהודה האט מיך ניט אין גאנצען בעפרידיגט. זי איז געווען צו מעכאניש און מאנאטאן. ס'האט זיך געפיהלט עפעס א טרוקענהייט אין לעבען און אין הארצען א פוסטקייט. ס'האט געמאנט עפעס אנ'אונבעפרידיגטער פערלאנג — און איך האב בעשלאסען אוועקגעהן אין גליל.

* * *

יהודה און גליל זיינען שוין פארצייטענס געווען צוויי קאנטראסטען. די קינדער פון מאל זיינען געווען קולטורעלע, צארטערע, בעוועגליכערע און ווייך־הערציגערע — די קינדער פון די בערג אין גליל — מוטהיגערע, שטארקערע און צוגעבונדענע צו זייער בארען.

און אנ'אונטערשיעד איז פערבליבען עד היום צווישען גליל און יהודה, סיי ביי די אידען און סיי ביי די אראבער. יהודה איז רייכער און קולטורעלער, דער גליל איז פעסטער און זעלבסטשטענדיגער. די יהודה'ער אראבישע פויערים זיינען שוואכער, אונטערטעניגער, זעלטען ווער פון זיי איז מיט געוועהר בעוואפענט. אנ־ דעריש זיינען די פעלאכען פון די גליל'ער בערג — מוטהיגע, רויכערישע און אויפ־ געהאדעוועטע אויף'ן שווערד און ביקס.

אויך דאס אידישע לעבען אין גליל אונטערשיידט זיך פון'ם אידישען לעבען אין יהודה. אין גליל זיינען ניטא קיין „פריצים", אייגענטהימער פון גרויסע פארמס



וואס בעשעפטיגען א סך ארבייטער. דא איז אויך ניט פאראן קיין פּרדסים און גערט־נער, וויין־קעלערס און די גאנצע פלאנצונגס־קולטור. דערפאר איז אבער דא פאראן: רינד און שאף, הינער און טויבען, פערד און אקסען, פעלדער מיט תבואות. ניט רייך איז די נחלה פון דעם גליל'ער קאלאניסט, אבער אנגעטרונקען מיט זיין שווייס.

* * *

מיט ניין יאהר צוריק איז נאך דער גליל ניט געווען דאס וואס ער איז יעצט. די נעין פון די נייע קאלאניעס און פארמס, וואס האבען פון גליל א קליינע אידישע מדינה געמאכט, מיט א רוב פון אידישען באדען און אידישע בעפעלקערונג — איז נאך דאן ניט געווען. דער גליל'ער ישוב האט ערשט געהאלטען אין ווערען — נאר פיער קליינע שוואכע קאלאניעס זיינען מיט א יאהר צוויי—דריי צוריק געגרינדעט געווארען.

אין יענער צייט איז סערדזשערא געווען די טאן־געבערין פון גליל.

זי האט אונזער יונגען ישוב א מוסטער געגעבען, א מוסטער פון א דארפישען ארבייטענדען ישוב. דא איז געבארען און צום ערשטען מאל פארווירקליכט געווא־רען די נייע קאלאניזאציע פון ארבייטער־קאלאניסטען אין גליל התחתון, דא איז די ערשטע פּראבע פאר קאאפעראטיווער ארבייט געמאכט געווארען (די גרופּע האבען מיר דאן גערופען „קאלעקטיוו"), דא איז געגרינדעט געווארען די ארבייטער־ארגאניזאציע „ה ח ו ר ש", דא איז אויך געבוירען געווארען דער געדאנק פון אידישער וואך און דא, אויף איינעם פון די נאהענטע בערגלעך, זיינען אויסגעגראבען געווארען די ערשטע קברים פון די געפאלענע וועכטער....

בכלל, האט זיך אט דאס אידישע דארף אויסגעצייכענט פון אלע אידישע קאָ־לאניעס אין לאנד. פון די שעהנע בערג פּאנאראמעס, וואס ארץ ישראל איז געבענשט מיט זיי, האט סערדזשערא זוכה געווען מעהרער ווי אלע. די בערג נעהמען ארום די קאָ־לאניע און שליסען זי איין פון אלע זייטען. פון ווייטען עבר הירדן פון מזרח זייט, זעהען זיך איינגעהילט אין העל־בלויע וואלקענס די בערג פון גלעד און בשן — ברויזענ־דע ים־כוואליעס, וואס האבען זיך צום הימעל אויפגעהויבען, פלוצלינג פערגליווערט געווארען און אזוי זיינען זיי שטעהן געבליבען... פון מערב־זייט, ביים גרעניץ פון דער קאלאניע, ליעגען די גרינליכע נצרת־בערג, אין צפון הויבט זיך אויף הויך איבער אלע דער אלטער גראהער חרמון־ריעז מיט זיינע שניי־ווייסע לאקען און קוקט שטאלץ אראפּ אויף'ן גאנצען גליל, דעם אונטערשטען און דעם אויבערשטען, און פון דרום זייט ערהויבט זיך דער שעהנער, קייליכדיגער תבור אין זיין איינזאמקייט, דער אייביגער היי־טער פון עמק־יזרעאל. דאס דארף גופא איז געבויט אויף'ן רוקען פון א בארג, — די צוויי שורות הייזער, וואס שטעהען הארט איינע ביי דער צווייטער, ארומגערינגעלט פון א קאליפּטוס־וועלדעל און פעפער־בוימער, זעהען אויס פון ווייטען ווי טרעפּ פון א לייטער, וואס פיהרט אויף'ן בארג, און אויבען, אויף'ן פעלזען־שפּיץ, שטעהט די פארם.

אבער ניט נאר מיט איהר נאטור — אויך מיט איהר ישוב האט זיך סערדזשערא אויסגעצייכענט. איהר בערך קליינע צאהל איינוואוינער איז געווען פיעלפארביג און

נערעדט פערשיעדענע שפראכען. צווישען איהרע פינף מנינים קאלאניסטען און אר־
בייטער זיינען געווען אידען פון קורדיסטאן, הויכע, געזונדע, ברייט־פלייציגע אידען,
פערגרעבט ווי זייערע שכנים די קורדען, דארע און מאגערע תימנ׳ער, מופלגים אין
„לשון קודש" און אין אלטען טראדיציאנעלען לערנען; רוסישע יונגע־לייט, ערצויגען
אין דער השכלה און רעוואלוציע, געווען אויך ארטיגע אשכנזישע בחורים,
וואס האבען די ישיבות פון צפת און פון טבריה פערלאזען און זיינען אהערצו גע־
קומען, צום אקער און פלוג. אויך ספרד׳ישע יונגע־לייט, וואס זיינען ערצויגען געווארען
אין די שולען פון אליאנס און „גרים", רוסישע פויערים פון די ברעגעס פון קאספי־
שען ים, וואס האבען זיך מגיר געווען און געקומען בעארבייטען דאס פאטערלאנד
פון זייער נייעם גלויבען, — און אט דער פיעלפארביגער עולם האט גערעדט
העברעאיש, אראביש, אראמיש (די קורדישע אידען רעדען נאך עד היום תרגום־לשון),
אידיש־אשכנזיש, רוסיש, פראנצויזיש און שפאניאליש. דאך — דאס איז ניט געווען
קיין דור הפלגה; א פעסטער בונד האט זיי אלעמען צוזאמען באהעפט: די ערד
און די ארבייט. אין גאנץ סעדזשערא האט דאן געהערשט די אידישע ארבייט — צו
יענער צייט איז זי דערין די א י י נ צ י ג ע געוועזען אין לאנד! — עס האבען
געארבייט אליין די קאלאניסטען מיט זייערע קינדער. אפילו אין דער פארם, וואס האט
געהערט דער יק"א, האבען נאר אידישע ארבייטער געארבייט.

צווייערליי איינוואוינער האט סעדזשערא געהאט דאן. די ארבייטער און די אד־
מיניסטראציע פון דער פארם אויבען אן אויף׳ן בארג, און די דארפס־לייט, די קאלא־
ניסטען פון אונטען, אויף׳ן רוקען פון בארג. אבער א ברודער־בונד האט געהערשט
צווישען זיי אלע. כמעט אלע קאלאניסטען זיינען יונגע געווען און האבען פריהער
געארבייט אין דער פארם, און נאך דעם ווי זיי האבען זיך קאלאניזירט, האבען זיי
ניט אויפגעהערט צו ארבייטען אליין. מיר, די ארבייטער, פלעגען זיך שטענדיג טרע־
פען מיט זיי אין שטוב און אין פעלד, ביי דער ארבייט. דא איז ניט געוועזען קיין
זכר אפילו פון יענעם געוואלדיגען אבגרונד, וואס האט אזוי פאנאנדערגעטיילט די
קאלאניסטען פון די ארבייטער אין יהודה. אין די שבתים און ימים־טובים פלעגען
מיר זיך צונויפקומען אינאיינעם און הוליען, חגיגה׳לעך מאכען. און אין פעלד פלעגען
מיר אקערען זייט ביי זייט, פלעגען איינער דעם אנדערען צוהעלפען ווי גוטע
ברידער ביי דער ארבייט...

* * *

נאך פתח־תקוה איז סעדזשערא געווען פאר מיר כמעט דאס זעלבע וואס פתח־
תקוה נאך מיין אנקומען פון גלות. ד א ה א ב א י ך א ר ץ י ש ר א ל ד ע ר־
ש פ י ר ט. דא האט זיך אנגעהויבען דאס אמת׳ע א"י לעבען. די נאטור, די מענשען,
און די ארבייט — אלץ איז דא אנדערש, ארץ־ישראל׳דיגער געווען. ווען איך פלעג
פון ווייטען דעם שניי־איגען קאפ פון חרמון דערזעהן, און דעם שפיץ פון תבור
צווישען דער קייט פון די נצרת־בערג — פלעג איך זיך פיהלען אזוי היימיש, פיעל
היימישער איידער אין דעם פלאכען טהאל פון יהודה. ווען איך פלעג אויף׳ן שפיץ
בארג ארויף, אויפהויבען דעם קאפ צו די מזרח־בערג פון גלעד, האב איך געוואוסט, אז

אונטען, אין טהאל וואס צווישען די בערג, רוהט דער ים־כנרת און ס'שלענגעלט זיך דער שטיפערישער ירדן. דער ירדן האט מיך מעהר פון דער פתח־תקוה'ר אדזשע בע־פרידיגט. און די מענשען ארום — אידען וואס אקערן, זייען און שניידען אליין, די פרויען ארבייטען אין די שטוב־גערטנער, איין קינד פאשעט די גענז אויף'ן שייער, א צווייטער רייט גאלאפ אויף א פערד, אין פעלד אריין, דעם טאטען בעגעגענען. ניטא קיין קרעמער, קיין מעקלער און פרעמדע לוין־ארבייטער, ניטא קיין ליידיג־געהער וואס לעבען פון אנדערנס מיה — אלע אידען און אלע ארבייטען, און דער פרישער ריח פון תבואה און מיסט טראגט זיך פון זיי — נאטור־מענשען זיינען זיי. אפילו די ארבייטס־געצייג איז דא אנדערש ווי אין יהודה. דער אקער, דער פלוג און דער גע־שפאן פון די אקסען זיינען מיר עפעס ליעבער פון'ם פיאש, פון דעם שנייד־מעסער. ווי לאנגווייליג, ווי מאנאטאן פלעגט צוגעהן דאס פיאשירען, וואס פלעגט דעם גוף צו־ברעכען. דארט שטעהסטו דעם גאנצען טאג איינגעבויגען און האקסט די שטיין־הארטע חמרא־ערד מיט'ן פיאש — און דא געהסטו נאך לאנגזאם נאכ'ן אקער, קעהרסט איבער די צואקערטע ערד־הויפענס און עפענסט איין „תלם" נאכ'ן צווייטען. און אט די ערד, וואס דו אקערסט און זייסט, וועט זיך באלד מיט גרינס צודעקען, פאר דיינע אויגען וועט זי איהר פרוכט ארויסגעבען. עס וועלען נאר די רעגען־טעג פאריבער, די תבואה וועט צייטיג ווערען — וועסטו ארויס די תבואה שניידען און זי אין שייער אריין פיהרען... דו זעהסט און פיהלסט די פרוכט פון דיין ארבייט, האסט הנאה און פרעהסט זיך מיט איהר.

* * *

אבער אויך דא איז די זויבערקייט פון אונזער אידעאל בעפלעקט געווארען. עס האט זיך א נייע פגימה אין אונזער לעבען ענטפלעקט. דער באדען פון דארף איז טאקע דורכאויס דורך אידען בעארבייט געווארען, די וועכטער זיינען אבער פרעמדע געוועזען. אין יהודה האבען מיר די פרעמדע וואך כמעט גאר ניט באמערקט, מיר האבען דארט בכלל כמעט די וואך ניט געפיהלט. גרויס זיינען די יהודה'ער קאלאניעס און די געגענד ארום שטיל. קיין געוועהר איז דארט כמעט ניטא אין די אראבישע דערפער, די מורא פאר דער רעגירונג איז גענוג גרויס, ס'זאל ניט געשטערט ווערען די געזעל־שאפטליכע זיכערקייט. אנדערש אבער אין גליל, צווישען די בערג. די קאלאניעס יונגע, קליינע. די געגענד ווילד און די שכנים ארום — ניטא כמעט קיין איינער, וואס זאל ניט פערמאגען א ביקס, „און די היילען פון די בערג און די פעלזען־שפאלטען —זיי זיינען א שוץ פאר יעדען, וואס דורשט נאך נקמה, און פאר יעדען העלד פון זיין פאלק". גנבות און אנפאלען קומען פאר זעהר אפט, און די רעגירונג איז ניט בכח דאס איינצוהאלטען.

איז אזא סביבה איז דער גורל פון דער קאלאניע, איהר פריעדען און איהר זיכער־קייט, איינגאנצען אין די הענד פון איהרע וועכטער. אין די יהודה'ר קאלאניעס ווערט די פרעמדע וואך איינגעשלונגען אין דער פרעמדער ארבייט און קיינער מערקט זי ניט. ניט אזוי אבער דא, אין סעדזשערא. דא, וואו די ארבייט איז אינגאנצען אונ־זערע, דא איז'ם נעסט פון דער אידישער יוגענד, פון אידישער ארבייט — צי דען

וועלען מיר אויך דא זיין אין גלות?... וועלען מיר אויך דא פרעמדע אנדינגען, ז י י זאלען אונזער האב־און־גוטס היטען, ז י י זאלען אונז בעשיצען?... האבען מיר אנגעהויבען איינטענה'ן מיט דער אדמיניסטראציע און מיט די קאלאניסטען, זיי זאלען אנשטעלען אידישע וועכטער, — —נאר זיי האבען אונז בעטראכט אלס פאנטאזיארען און טרוימער אדער גאר אלס קינדער. „אידישע וועכטער — און די געפאהר וואס שטעקט דערין?" זיי האבען דאן ניט געגלויבט אז מיר מיינען עס ערנסט מיט אונזער פאדערונג. ווי פאלט אונז טאקע באמת איין, איינשטעלען יונגע פרישע לעבענס צוליעב עפעס אן אבסטראקטען פרינציפּ: און וועלען זיך סיידען געפינען געגנוג מענ־שען, וואס וועלען זיך אבגעבען דערצו, און צו איז דאס בכלל ניט א גרויסע גע־פאהר פאר די קאלאניע? — די פריהערדיגע אראבישע וועכטער וועלען דאך געוויס ניט שווייגען און וועלען אנפאלען און רויבען. ס'וועט קומען צו בלוט־פערגיסונג, און דער כעס וועט אויסגעהן צו דער קאלאניע. מיר זיינען דא ווענינ און שוואך, פון אלע זייטען ארומגערינגעלט פון פרעמדע און פיינד. איז דען מעגליך אין אזא צושטאנד אי־מיצען צו פערטשעפען? מיר האבען געמאהנט אונזער נאציאנאלע עהרע, דעם כבוד פון אונזער אידעאל. צו וועט דען אויך דא אונזער לעבען און עהרע פון פרעמדע אב־הענגיג זיין? — אבער ניט די טענות אונזערע און ניט די פּראטעסטען האבען גע־האלפען. „גרינג איז אייך צו רייטען אויף פרינציפען — פלעגען אונז די קאלאנים־טען דערויף ענטפערען — היינט זענט איהר דא, מארגען געהט איהר אוועק. וועט טרע־פען אן אומגליק, וועט איהר זיך אבטראגען פון דאנען. מיר אבער זיינען מיט דער קאלאניע פערבונדען, מיר לעבען אין איהר — און די צרות פון'ם אומגליק וועלען אויס־געהן צו אונז."

מיר האבען געפרובט ווירקען אויף'ן אדמיניסטראטאר. ער פלעגט זיך צו אונז בעציהען מיט צוטרוי און חאטש ער איז געווען אן אדמיניסטראטאר פון יק"א און איז פריהער ווייט געווען פון אונזער געדאנקען־וועלט, — איז ער דאך לאנגזאם בעווירקט געווארען פון אונזערע אידעען און אנגעהויבען קוקען אויף דער בעדייטונג פון'ם ישוב און פון אונזער נאציאנאלער ארבייט אין א"י כמעט מיט דעם זעלבען בליק וואס מיר. אין פרינציפּ האט ער מודה געווען, אז מיר זיינען גערעכט, עס האט איהם אבער די דרייסטקייט געפעהלט, דעם פרינציפּ אין לעבען דורכצופיהרען.

די וועכטער פון דער קאלאניע זיינען דאן געווען טשערקעסען, אונזערע שכנים פון כפר־כמא. די טשערקעסען פערנעהמען א בעזונדער פלאין צווישען דער פאלעסטי־נער בעפעלקערונג. די טערקישע רעגירונג בעציהט זיך אלע מאל פריינדליך צו די טשערקעסען, וואס זי האט איינגעלאדען צו קומען פון קאווקאז און בולגאריע בעזעצען זיך דא, אין לאנד. זייערע שעיכען בעקומען הויכע מיליטערישע שטעלעס און האבען א גרויסע מאכט אין דער ארטיגער פערוואלטונג. זייער יחוס שטיצט זיך אבער ניט אויף סימפאטיעס פון דער רעגירונג, נאך אויך אויף זייערע אייגענע מעלות און פעהינקייטען. די טשערקעסען פערמאגען פיעל מוט און העלדישקייט און א גרויסע ארבייטס־לוסט, דערצו איז נאך זייער עקאנאמישע לאגע גוט און זיכער. זיי זיינען זעהר קאמפּפס־פעהיג און זייער נאמען קלינגט איבער'ן גאנצען לאנד. קיין פע־

לאך, קיין בערואינער האט ניט די העזה צו פערטשעפּען א טשערקעס. „פּיש אכבר מין טשרקס!“ זאגט דער פעלאך — „ניטא גרעסער פון׳ם טשערקעס!“

זייער הויפּט־וואוינארט איז אין עבר־הירדן, אין דער געגענד פון קוניטרה. און אין גליל התחתון, צווישן סעדזשערא און יעמא, האבן זיי א גרויסן דארף מיט׳ן נאָמען „כפר־כמא“. מיט די אידישע קאלאניעס וואס ארום לעבן זיי בשלום — צו יענער צייט איז די גאנצע וואך פון גליל׳ער קאלאניעס געלעגן אין זייערע הענט. זיי האָבען אויך געהיט די פארם, דעם וואלד און די פעלדער פון סעדזשערא. און דער אדמינסטראטאר האט ניט געוואגט אײַנצורייסן מיט זיי און אנשטעלן אידישע וועכטער.

* * *

עס איז אונז קלאר געווארען, אז מיט אמאל וועלען מיר אט די פעסטונג פון פרעמדער וואך ניט איינגעהמען. מ׳דארף לאנגזאם טריט ביי טריט פאנאנדערוויקלען א קאמפף פאר יעדען פאסט בעזונדער. אנהויבען האבען מיר בעשלאסען טאקע פון פארם. במשך פון אייניגע נעכט האבען מיר געזעהען, ווי דער וועכטער קומט ניט צו זיין פאסט. ער לאזט, הייסט עס, דער „נאמען“ אליין זאל היטען. אזוי זיינען זיך נוהג די אראבישע וועכטער, וואס זיינען בעריהמט מיט זייער גבורה און מיט זייער רויב — פאר וועכטער נעהמט מען אלע מאל די גרעסטע, בעריהמטסטע רויבער און מערדער, בעוואוסטע אין דער געגענד. מ׳איז דערביי זיכער, אז שוין די ידיעה אליין, אז די וואך האבען זיי איבערגענומען, היט אפּ פון גנבות. אויב אפילו ס׳מאכט זיך א גנבה, קענען זיי גרינג אויסגעפינען דורך זייער פיעלזייטיגער בעקאנטשאפט און אומקעהרען זי דעם בעל־הבית, פערשטעהט זיך ניט אהן א גוטען באקשיש׳ל פון זיין זייט. די וועכטער זיינען פעראנטווארטליך פאר דער גנבה, דאך נעהמען זיי א גאנץ גרויסע סומע געלד ביים בעל־הבית פאר׳ן ארויסגעבען זי. דערביי געבען זיי אַן אלס א תירוץ, פארוואס זיי נעהמען געלד, אז זיי דארפען דעם גנב בעצאהלען א „פרייז“ פאר דער צוריקגעגעבענער גנבה. דאס רוב ברענגען זיי אליין צו א גנבה, כדי דערפון שפּעטער צו פערדינען. אזוי האט זיך אויך אונזער טשערקעס געפיהרט. אנשטאט אומצוגעהן א גאנצע נאכט הינטער׳ן וואנד אין דער פינסטער, איז ער בעסער אוועק אין אראבישען דארף סעדזשערא פערברענגען צווישען חברים־שכורים: מיר האבען אויפמערקזאם געמאכט דעם אדמיניסטראטאר אויף דעם, ווי אונטריי דער טשערקעס איז און ווי פאלש און ווי שעדליך עס איז פאר אונז אט די סיסטעם פון וואך. ער האט אונז ווייניג אויפמערקזאמקייט געשענקט. מיר האבען בעשלאסען, איהם אין דער זאך מיט פאקטען צו איבערצייגען. איינמאל איז א פינסטערער נאכט האט מען ארויסגענומען די בעסטע פרדה פון פארם. תיכף האבען מיר מודיע געווען דעם אדמיניסטראטאר וועגען דער גנבה. ער איז באלד געלאפען אין שטאל אריין. די פרדה איז ניטא. האט ער א פייף געטון דער וועכטער זאל קומען, איין פייף, א צווייטען, א דריטען — קיינער קומט ניט צו געהן. איז ער ארויס אין דרויסען, ארומגעגאנגען דעם מויער — אפשר איז ער אנשלאפען געווארען, דער טשערקעס — קיינער איז ניטא. האט ער באלד געשיקט זוכען דעם טשערקעס אין אראבישען דארף.

דארט האט מען איהם טאקי געפונען שלאפענדיג. דער אדמיניסטראטאר האט איהם אבגעזאגט און אויף זיין ארט די וואך איבערגעגעבען צו צ. ב. — איינעם פון אונזערע חברים.

די ערשטע פעסטונג איז איינגענומען.

* * *

מיר האבען געוואוסט אז דער טשערקעס וועט ניט שווייגען. און טאקע איין א פאר נעכט ארום, ווען דער אדמיניסטראטאר איז אויפגעשטאנען אין דער פריה, האט ער דערזעהן אז די שויבען זיינען צובראכען ביי איהם אין שטוב, און אין וואנט פון זיין צימער שטעקען מארטין־קוילען, חאטש ביידע וועכטער וואס האבען געהיט דאן, האבען קיין שאס ניט געהערט. די נאכט איז געווען א פינסטערע. דרויסען האט א גרויסער שטורעם געבושעוועט, און א שלאקס־רעגען געגאסען, און דער קנאל פון די שיסערייען איז פערשוואונדען אין דער שטורעמדיגער נאכט. די אנפאלער האבען זייערם געטון מיט דעם מייז, איבערצושרעקען די אידישע וועכטער. ביז דאן פלעגען די אראבער אנרופען די אידען מיט'ן צונעמעניש „ולד־איל־מית" — „קינדער פון טויט", ציטערדיגע, הייסט עס, פחדנים און ווייך־הערציגע. און זיי האבען דאן רעכט געהאט. די אידען, וואס די אראבער האבען דאן געקענט און געזעהן פאר זיך, זיינען טאקע ווערט געווען, דעם צונעמעניש צו טראגען. און אט האבען אויך דאס מאל די אנפאלער געמיינט, אז זיי האבען עס צו טון מיט די „ולד־איל־מית", און אז מ'דארף נאר א פאר מאל אנסטראשען די נייע וועכטער, און זיי וועלען אליין אוועק פון דער וואך.

דאס מאל האבען זיי אבער א טעות געהאט. באלד נאך אט דער נאכט האבען מיר זיך גוט ארגאניזירט צו דער וואך. אויסער דעם שטענדיגען וועכטער און דעם חבר, וואס מ'האט איהם פריהער צוגעגעבען, וואס האבען געדארפט היטען די פארם, ווי געוועהנליך, האבען מיר בעשלאסען איינארדנען א וואך פון אלע ארבייטער צו פארווייז. אלע צוויי־שעה א ניי פארל, אזוי פון אנהויב אבענד ביז'ן אויפגעהן פון מארגענשטערן. מיר פלעגען ניט אויסטועענדיג די קליידער לעגען זיך אין דעם גרויסען תבואה־שפייכלער נעבען מיהל, דאס געוועהר נעבען זיך — און יעדער פארל פלעגט ארויס צו דער וואך אין זיין צייט און זיך אוועקזעצען לויערען, צווישען די געדיכטע סאברעס אין די פעלזען - שפאלטען, אום צו רופען די איבעריגע נאך הילף ווען עס איז נויטיג. דאס איז געווען אין ווינטער - צייט, און א שרעקליכער שטורעם, וואס איז שוין לאנג זיין גלייכען ניט געווען, האט געברויזט במשך א וואך צייט איבער'ן גאנצען לאנד. אין די יהודה'ער קאלאניעס האט דער שטורעם כמעט אלע מאראנצען פון די בוימער אראבגעשליידערט און האט אין די באיארעס זעהר גרויס שאדען געבראכט. ביי אונז אין סעדזשערא האט דערצו נאך א גרויסער רעגען געגאסען. ס'איז געווען אזוי פינסטער, אז מ'האט גארנישט גע־זעהען וואס ס'טהוט זיך ארום. ווען איך בין מיט מיין בעגלייטער צו דער וואך ארויס, האבען מיר זיך געמוזט האלטען ביי די הענט. די בוימער, די פעלזען, די הייזער — אלין איז פערזונקען אין דער שווארצער נאכט־פינסטערניש. אפילו ריידען איינער צום צווייטען האבען מיר ניט געקענט — אונזער שטימע איז פערשוואונדען איז'ם

שטורעם וואס האט ניט אויפגעהערט צו וואיען די גאנצע נאכט: עס האט אויסגע־וויזען, אז אויך די נאטור האט זיך מיט אונזערע שונאים פעראייניגט און וויל אויס־פרובען אונז... ביי צוויי וואכען האט זיך דאס געצויגען, ביז די אנפאלען האבען אויפ־געהערט. דערזעהן האבען די אראבער, אז דערמיט וועלען זיי אונז ניט איבער־שרעקען און אונז פון דער וואך ניט דערווייטערען — —און זיי האבען זיך צוריק־געצויגען.

פון דעם ערשטען נסיון זיינען מיר ארויס מיט א זיעג...

* * *

א גוטען, ניצליכען מוסר השכל האבען מיר ארוסגעטראגען פון'ם ערשטען נסיון. מיר האבען איינגעזעהן, אז א אידישער וועכטער אליין איז נאך ניט גענוג. אויב די איבעריגע ארבייטער פון קאלאניע וועלען ניט פעהיג און גרייט זיין צו יעדער צייט פון געפאהר די וועכטער צו העלפען, האט די גאנצע וואך קיין זינן ניט, ווייל זי וועט קיין קיום ניט האבען. דער אידישער וועכטער קען זיך ניט פערלאזען אויף זיין „נאמען" אליין. ער מוז טאקי ארויסגעהן נאכט־אין־נאכט אויף דער וואך און ניט צולאזען דעם שונא. און כדי דאס דורכצופיהרען ניט נור געטריי, נאר אויך מיט ערפאלג, איז נויטיג א שטענדיגער רעזערוו, וואס זאל אויסהעלפען דעם וועכטער, אין דעם נויטיגען מאמענט. דערצו מוז מען צוויי זאכען האבען: פאסענדע מענשען און גוטע געוועהר.

מיר זיינען געוועזן גרייט, אבער געוועהר האט געפעהלט. בלויז א פאר פון אונז האבען רעוואלווערס געהאט. האבען מיר בעשלאסען, פאדערן פון דער ארמיניסטראציע, זי זאל אונז געבען געוועהר. דער ארמיניסטראטאר האט איינגעוויליגט אויף אונ־זער פאדערונג. א ספעציעלער וואגען איז געשיקט געווארען קיין חיפה, ביקסען צו ברייגנען. מיט וואס פאר א אונגעדולד האבען מיר געווארט אויף'ן וואגען! טאג און נאכט האבען מיר נאר וועגען איינס גערעדט — וועגען געוועהר, און דער טאג, וואס דער וואגען איז פון חיפה געקומען, איז פאר אונז געוועזן א גרויסער יום־טוב. די געבראכטע ביקסען זיינען געוועזן זעהר איינפאכע, וואלוועלע אראבישע דזשיפטען, צוויי־רעהריגע יעגער־ביקסען. ביי דער אדמיניסטראציע זיינען אפילו געוועזן גוטע מאר־טינען, זי האט נאך אונז אבער ניט אנפערטרויעט אזא „געפעהרליכע" געוועהר — א קלייניגקייט, א מארטין... נאר פאר אונז זיינען דאן אויך די דזשיפטען גענוג גוט געוועזן. ווי קליינע קינדער האבען מיר זיך געשפיעלט מיט זיי און די גאנצע צייט זיי פון האנד ניט ארויסגעלאזט. גאר אהן חשק זיינען מיר אויף מארגען צו דער ארבייט געגאנגען — שיידען זיך אויף א גאנצען טאג פון די ביקסען! ווי נאר מיר זיינע'ן אהיים געקומען און די פרדות אויסגעשפאנט, האבען מיר זיך ווידער צו אונזערע ביק־סען גענומען און זיי ניט אבגעלאזט ביז מיר זיינען אנטשלאפען געווארען.

גענעסען מיט'ן ביקס, געשפאצירט און געשמועסט, געלייענט און געוואשען זיך — אלין מיט'ן ביקס אין האנד ארער אויף דער פלייצע. דער גרויסער צימער פון חאן, וואו ס'האבען די מעהרסטע ארבייטער געוואהנט, איז פלוצלונג אין א רויבער־נעסט

פערוואנדעלט געווארען. ווער עס איז אריין אהין ביינאכט, פאר'ן שלאף, האט פאר זיך געזעהן צוויי מנינים בחורים זיצענדיג אויף'ן בעט: יעדערער האלט א ביקס אין האנד, איינער רייניגט איהם, א צווייטער פרובט אויס ווי ער שיסט, א דריטער פילט איהם מיט קארטושען אן, מ'פערגלייכט די ביקס איינער מיט'ן אנדערען, מ'רע־כענט אויס זייערע מעלות און חסרונות, מ'העננט זיי אויף אויף'ן וואנט און נעהמט ווידער אראפ, מ'טוט זיי אן אויף'ן אקסעל און טוט זיי אויס און אזוי ביז'ן שלאפען. ווען ס'איז אין א פאר טעג ארום דער ערשטער שבת געקומען, האבען מיר ניט אויפגעהערט צו שיסען אין חאן א גאנצען טאג, פון פריהמארגען ביז שפעט פארנאכט. די שיסעריי איז ניט דורך אהן „קרבנות". איינער פון די חברים, מ. ג. האט זיך ניט געקענט בעגני־גענען מיט שיסען אין דער לופטען אדער אין א האלץ אדער א שטיין, און ניט געפינענ־דיג קיין שרעקליכערען שונא פאר זיך ווי די קעץ וואס זיינען ארומגעלאפען איבער'ן הויף, האט ער איז זיי געשאסען, און די קעץ האבען נעביך מיט זייער בלוט בעצאהלט פאר דער אונגעדולד פון אונזער קאמפפסלוסטיגען חבר.

* * *

די פארם, ד. ה. איהר וואך איז אריבער צו אונז. איצט האבען מיר זיך א נעהם געטון צו דער קאלאניע. און דא איז דער צופאל אליין אונז צו הילף געקומען. ביי איינעם פון די חברים פון'ם קאלאניע־ועד, ביים קאלאניסט י., האט מען אמאל אין א נאכט די פערד צוגע'גנב'עט. דער קאלאניסט האט באלד דערשפירט די גנבה און איז ארויסגעלאפען אויף'ן גאס. דא האט ער דעם וועכטער בעגעגענט, געהענדיג פון פעלד. ער האט באלד פערשטאנען, אז ער אליין האט די פערד גע'גנב'עט. מיר האבען בעשלאסען, שמידען דאס אייזען כל זמן עס גליהט... האבען מיר זיך תיכף צום קא־לאניע־ועד געווענדעט מיט א פארשלאג, ער זאל אנשטעלען אידישע וועכטער: דאס מאל האבען זיי שוין ניט געוואגט אונז צו שרעקען מיט זייערע אמאליגע טענות און האבען אונז נאכגעגעבען. אונזער נצחון אין דער פארם האט אפילו די ערגסטע פון זיי די מיילער פערשטאפט.

סעדזשערא איז געווען די ערשטע קאלאניע, וואס האט אנגעשטעלט אידישע וועכטער.

* * *

נאכדעם ווי מיר האבען שוין „איינגענומען" די וואך אין דער פארם און אין דער קאלאניע, איז שוין ניט זעהר שווער אנגעקומען די שטארקסטע און געפעהרליכסטע פעסטונג צוצוברעכען — די „רביעה".

די „רביעה" הויבט זיך אן אין דער צווייטער העלפט פון די רעגען־טעג, אין שבט — אדר. דער „יורה" (שפריי־רעגען) הויבט אן צו גיסען, און די ערד, וואס איז פאר די זיבען הייסע זומער־חדשים אזוי פערהארטעוועט געווארען, זאפט דורשטיג איין די ערשטע רעגענס. דער קאלאניסט געהט ארויס צו דער ארבייט, ער אקערט און זייט, עפענט פאנאנדער די פייכטע שיטערדיגע ערד. די פעלדער ווערען מיט גרינס בעציערט. דאס גראז הויבט אן שפראצען. און פאר'ן מלקוש, ווען די פאשע אין וואלד



איז שוין געגוג גרויס — אין מיטען שבט קומט ער אויס — דאן הויבט זיך אן די נאכט־פאשע, אדער „רביעה“. די פערד און די פרדות פיהרט מען ניט אין שטאהל אריין נאך דער ארבייט. די גאנצע סטאדע, די אקסען, פרדות, פערד און עזלען נעהמט מען צונויף אויף׳ן שייער און פון דארטען פיהרט מען זיי צו דער פאשע. די נאכט־פאשע איז ניט גלייך צו דער פאשע בייטאג. ניט איין פאסטוך און ניט צוויי פאשען די סטאדע ביי נאכט. דא, צווישען די בערג, טאר מען די סטאדע דער פינסטערער נאכט ניט פערטרויען. א גרופע גוט בעוואפענדע רייטער און פוסגעהער געהען מיט איהר מיט. זיי צושפרייטען זיך איבער׳ן טאל און הערען זיך גוט איין צו יעדען שארך אין דער לופט, גרייט אפּענטפערען צו יעדער צייט א ניט־גערופענעם גאסט...

שווערער א סך און געפעהרליכער פון דער קאלאניע־וואך איז די וואך פון דער סטאדע אין וואלד. אין קאלאניע האט דער וועכטער שטענדיג טרייע מיטהעלפער: אייזערנע שלעסער אין די שטאהלען און א שטיינערנע מויער ארום די הייזער. א פרעמדער וועט ניט וואגען אריינצוגעהן אהין נאך זון־אונטערגאנג. אלץ איז פערשלאסען און פערריגעלט. דערהערט דער וועכטער א שארך פון ווייטען, שיסט ער אויס אדער ער גיט א סיגנאל מיט זיין פייפעל — און די גאנצע קאלאניע איז מיט איהם.

אבער די פאשע איז ווייט פון׳ם דארף. דער וועג אן אפענער, ניטא קיין מויער און קיין שלעסער. פריי, אהן א צוים, געהען ארום די פערד און לאזען זיך טיעף אין וואלד אריין — א גוטע געלעגענהייט פאר די רויבער־באנדעס צו טון זייער ארבייט. שמאלע שטעגלעך זיינען דא א סך, וואס פיהרען ערגעץ ווייט, אין בעהעלטנישען צווישען די בערג, און ס׳איז זעהר גרינג דא צו רויבען און מיט דעם רויב איינ־איינעם אנטלויפען, מ׳זאל ניט וויסען וואו זיי זיינען אהינגעקומען.

אריינדרינגען אויף אהערצו, אין דער „רביעה“ — דאס איז געווען די דריטע ארבייט יענעם ווינטער.

נאכדעם ווי מיר האבען דורכגעפיהרט די וואך אין פארם און אין קאלאניע, איז אונז אויך דאס גרינג אנגעקומען. און ווען די צייט פון „רביעה“ איז געקומען, איז אונז געלונגען אויסצופיהרען, מ׳זאל אויך א פאר פון אונזערע אריינגעהמען צווישען די וועכטער־פאסטוכער. איבערגעבען די גאנצע פאשע מיט איין מאל צו אונז — האט געשיינט צו געפעהרליך דעם אדמיניסטראטאר און דעם קאלאניע־וועד.

און די „רביעה“ האט דער אידישער וואך דעם ערשטען בלוטיגען צוזאמענשטויס געבראכט. צום גליק איז עס צו קיין טויט־פאל ניט געקומען.

* * *

צווישען די אידישע פאסטוכער איז אויך געווען בערל שוויינער, וואס איז מיט א פאר וואכען צוריק קיין סעדזשערא געקומען. די חברים האבען איהם שוין גוט געקענט פון יהודה. פאר דער קורצער צייט, וואס ער איז געוועזען אין סעדזשערא, איז ער אויך בעקאנט געווארען צווישען די קאלאניסטען מיט זיין העלדישען מוטה און אונערשראקענהייט. ער האט אויך געוואונען דעם צוטרוי פון׳ם אדמיניסטראטאר,

און ער האט איהם איבערגעגעבען די שווערע און פעראנטווארטליכע ארבייט. ווי פריהער אין דער וואך, אזוי אויך אין דער „רביעה“, זיינען ביז איצט די טשערקעסען די איינציגע הערשער געווען און זיי האט טאקע זעהר פערדראסען, למאי די אידען הויבען אן צו פערנעהמען אויך די „רביעה“ צו זיך. זיי האבען דערין א בעליידיגונג געפיהלט, א בעליידיגונג פאר זייער שטאלץ און ווירדע. — אט די ולד־אל־מית וועלען דאס ארויסגעהן אינאיינעם מיט זיי, מיט די העלדען־טשערקעסען צו דער פאשע ביינאכט? מעהר פון אלעמען האט פערדראסען דעם יונגען חסנ׳ען, דעם זוהן פון׳ם טשערקעסישען שעיך, למאי נעהמט דערין אויך אן אנטייל בעריל שווייגער, וואס איז נאך דאן זעהר יונג געווען, כמעט א אינגעל. פריהער האט ער זיך פארגעשטעלט, אז בערעלע וועט גיך מיעד ווערען און וועט ניט לאנג אנהאלטען ביי דער שווערער ארבייט. אבער נעכט נאך נעכט זיינען אריבער און בערעלע איז טריי און העלדיש ביי זיין ארבייט געבליבען, ווי אן אלטער פאסטוך פון לאנגע, לאנגע יאהרען. דאן האט חסן זיך אנגעהויבען רייצען מיט איהם, אבשפאטען און בעליידיגען איהם. בערעל האט אבער פיינט געהאט צו פערשווייגען. אויף יעדער זאך פלעגט ער איהם ענטפערען מיט שארפע שטעכווערטלעך כרבעי. ביז איינמאל האט זיך שוין חסן ניט געקענט איינהאלטען און האט א געשריי געטון: ילען־דינך! — די גרעסטע, בעליידיגענסטע קללה וואס דער אראבער פערמאגט—„א פלוך אויף דיין גלויבען!“ בערעלע האט גארנישט געענטפערט, ער האט נאר אויפגעהויבען זיין קורבאטש (נאגאיקע) און איהם גלייך אויף׳ן טשערקעס׳ פנים אראפגעלאזט. חסן איז ערשטוינט געווארען פון דעם אידענס חוצפה — א „ולד־איל־מית“ זאל האבען די העזה אויפהויבען אויף איהם א האנד, אויף איהם, דעם זוהן פון׳ם שעיך פון די טשערקעסען! אז אנגעצונדענער איז ער בערעלען בעפאלען. באלד האט ער אבער דערפיהלט, ווי צוויי אייזערנע צוואנגען האלטען איהם די הענט — בערעלע האט ארומגענומען דעם טשערקעס, האט איהם א שליידער געטון אויף דער ערד און פון איהם לאנג דעם קורבאטש ניט ארונטערגענומען. בערעלע האט אויך געכאפט קלעפ, ער איז אבער געשטאנען און חסן — געלעגען אויף דר׳ערד. לאנג האט איהם בערעלע מיט׳ן קורבאטש געשלאגען ביז חסן איז געבליבען אהנמעכטיג און דער קורבאטש איז פון זיינע הענט ארויסגעפאלען. ער האט נאר א פייף געטון נאך הילף און איז אין חלשות געבליבען. ער איז געלעגען און געבלוטעט.

עלי, חסנ׳ס געטרייסטער חבר, איז באלד צו הילף געקומען. און דערזעהענדיג זיין חבר אין בלוט, האט זיך אין איהם א פייער פון נקמה אנגעצונדען און ער איז געשווינד צו בערעלען צוגעלאפען. נאר בערעל האט איהם באלד זיין ביקס אנטקעגען געשטעלט:

—אנדאק! — שטעה! ניט פון ארט! און די גאנצע נאכט איז עלי געשטאנען נעבען זיין בלוטענדען חבר און האט ניט געוואגט זיך ריהרען פון ארט, און אנטקעגען איהם איז געשטאנען בערעלע, אויך א פערבלוטיגטער, אין האנד די ביקס אנגעשטעלט...

ווען מיר זיינען בעגינען אויפגעשטאנען צו דער ארבייט און געווארט אויף דער סטאדע, זיינען מיר פלוצלונג איבערראשט געווארען. ס׳איז אריין בערעלי. מיר

האבען איהם כמעט ניט דערקענט — אזוי פערבלוטיגט איז געווען זיין פנים און זיינע קליידער. נאך איהם האבען די טשערקעסען געטראגען חסנ'ען אויף די הענט...

דער אדמיניסטראטאר האט דערזעהן דעם בלוטענדען חסנ'ען און איז פערצי־טערט געווארען. — וואס האט איהר געטון ? די טשערקעסען ווע‍לען זיך דאך נוקם זיין אן אונז ! האט ער שטיל געשעפטשעט, בלאס ווי דער טויט. מיר זיינען גע־שטאנען ארום בערעלע'ן און האבען גארנישט געענטפערט. דער אדמיניסטראטאר האט געווארפען א בליק אויף די ארבייטער — אין די מוטיגע, ענטשלאסענע בליקען האט ער א געניגענדען ענטפער געפונען... און ער האט זיך בערוהיגט.

די טשערקעסען האבען זיך ניט נוקם געווען. פערקעהרט, פון דאן אן האבען זיי אונז אנגעהויבען אכטען. צווישען זיי פלעגען זיי איינער דער אנדערען זאגען: דאס זיינען שוין ניט קיין „ולד־איל־מית“ — דאס זיינען „מאסקאבעס“.

די וואך אין סעדזשערא האט זיך בעפעסטיגט און געזיעגט דורכאויס. שפעטער האבען סעדזשערא נאכגעטון מסחה און יעמא — און אויך איינגעפיהרט אידישע וואך.

* * *

... און סעדזשערא, וועלכע איז געוועזען די ערשטע איינצופיהרען אידישע וואך, איז אויך די ערשטע צו איהרע קרבנות געווען.

דאס איז געווען אין א יאהר ארום, פסח תרס"ט. דעם גאנצער ווינטער האט זיך אין דער לופט פון סעדזשערא געפיהלט דער ריח פון פולווער. צווישען אונז און די כפר־קנא'ר זיינען פארגעקומען קאנפליקטען צוליעב די גרעניצען אויף'ן באדען פון אום־גבל. עטליכע מאהל זיינען זיי ארויס אקערן אונזער באדען, און מיר האבען זיי מיט כח פערטריבען. די זבאח, וואס לאגערן אין סעדזשערער וואלד, אויך זיי זיינען ניט רוהיג געווען, — רעגירונגס־היל'ען האבען דערשאסען זייער שעיך חמדי. אין דער אראבישער סעדזשערא זיינען אויסגעבראכען קריגערייען צווישען די אראבער און די קורדישע אידען וואס וואוינער דארטען. די לוביה'ר פעלאכען זיינען אויך חוצפה'דיג געווארען און פלעגען פערטשעפען יעדען דורכגעהער, וואס פלעגט געהן פון סעדזשערא נאך טבריה. דאס איז געווען אין ווינטער נאך דער יונג טערקישער רעוואלוציע, און די אונוויסענדע אראבישע פעלאכען האבען די „חוריה“ מפרש געווען אויף א גאנץ אייגענארטיגען אופן — עס האט געהייסען, אז פון היינט אן און ווייטער איז מען פריי צו טון וואס מ'וויל. לית דין ולית דין. די רעגירונג טאר זיך ניט מישען אין גארנישט. און דערפאר האבען זיך אזוי פערמעהרט די רויבערייען, גנבות און אנפאלען אין דער גאנצער געגענד ארום.

ס'איז דאן געווען דער בליהונגס־פעריאד פון סעדזשערא. אין פארם האבען גע־ארבייט א היבש ביסעל ארבייטער — און די סאמע בעסטע פון גליל. דא האט זיך געפונען דער צענטער פון דער וואך, פון „החורש“ (אקערבוי־ארבייטער ארגאניזאציע),

און אלע ארבייטער הוליאנקעס און פערזאמלונגען פלעגען דא פארקומען. און חאטש די שטימונג, צוליעב דער אונרוהיגקייט און די אפטע סכסוכים און אנפאלען פון די ארומיגע שכנים, איז געווען דאן עטוואס געדריקט און אומעטיג — האבען מיר פונ־דעסטוועגען בעשלאסען צו פייערען דעם סדר פונקט ווי פאר־א־יאהרען.

ס'זיינען זיך צוזאמענגעקומען אלע גליל'ער ארבייטער און אויך א היבש ביסעל געסט פון יהודה, אם מעהרסטענס פארטיי חברים. זיי זיינען געקומען צו דער פער־זאמלונג פון די גליל'ער פועלי־ציון ארגאניזאציע, וואס האט געדארפט אבגעהאלטען ווערען פסח אין סעדזשערא.

די חגיגה איז פארגעקומען אין אויבערשטען „חאן", אין דער פארם: דער גרויסער ארבייטער צימער איז געווען דעקארירט אויף'ן סעדזשערער שטייגער: געדיכטע קאַ־ליפטוס־און פעפערבוים־צווייגען האבען פערדעקט די צוויי לאנגע ווענט. אויף דער פאדערשטער וואנד, אנטקעגען איבער דעם ארייננגאנג, זיינען אויסגעהאנגען געווארען אקערס, גראבליעס, בראניעס, פיאשען פערפוצט אין בלומען קראנצען. אוןביידע זייטען פענסטער זיינען פערהאנגען געווארען מיט ביקסען, רעוואלווערען, שווערדען און קינזשאלען.

מ'האט זיך אוועקגעזעצט צום לאנגען טיש — און ווי געוועהנליך האט מען אנ־געהויבען מיט ווייז און געזאנגען. די אומעטיגע און כמורנע שטימונג איז אין גאנ־צען אבגעווישט געווארען. מיט יעדער כוסה און מיט יעדען נייעם שיר האבען מיר זיך אלין מעהר ארייננעלאזט אין עקסטאז פון פלאמענדיגע כמעט ווילדע התלהבות, וואס האט תמיד געהערשט אין אזעלכע ארבייטער־הוליאנקעס. ס'האבען זיך אנגעהוי־בען די אראביש־חסידישע התלהבות'דיגע רקודים'לעך מיט דעם רעש'דיגען צופליאסקען פון די הענד.

פלוצלינג, אין מיטען הוליען, האט זיך פון דרויסען דערהערט אן אויפגערעגטער, נערוועזער געשריי. די שמחה האט זיך ראפטאם איבערגעהאקט און ס'איז געווא־רען שטיל. אין צימער איז האסטיג אריין א פרעמדער יונגערמאן, מיט א צוקאכטען און ברענענדיגען פנים, און מיט אנ'איבערגעהאקטען אטהעם האט ער אונז איבער־נעגעבען ווענען דעם אנפאל וואס האט אקארשט פאסירט.

אין צווייען, ער מיט זיין פריינד, זיינען זיי אנגעקומען פון חיפה, אן אראבער מיט אן אייזעלע האט זיי בעגלייט און געפיהרט זייערע זאכען, צווישען וועלכע ס'איז אויך געווען א קאסטבארער פאטאגראפישער אפאראט. ארויסגעהענדיג פון כפר־קנא — א קריסטליך אראבישער דארף, אנ'ערך צוויי שעה פון סעדזשערא, ארום זונען־אונ־טערגאנג זיינען זיי בעפאלען פון צווישען די פעלזען דריי אראבער. נור ער אליין האט נעהאט ביי זיך א שטיקעל נעוועהר, א ברוינינג, און האט זיך אזוי לאנג געוועהרט ביז אלע קוילען זיינען איהם אויסגעגאנגען. ענדליך האבען די אראבער גאנץ גוט צושלאגען זייער אראבישען בעגלייטער, צוגענומען זיין אייזעלע מיט זייער האב און גוטס. איינער פון די דריי אנפאלער האט געמוזט שטארק פערוואונדעט ווערען — ווען די אנפאלער זיינען אוועק האט ער געזעהן א לוזשע פון בלוט.

אויסהערענדיג די געשיכטע האבען מיר זיך גלייך געכאפט צום געוועהר און זיך אוועקגעלאזט זוכען. אבער אומזיסט. מיר האבען בלויז געפונען שפורען פון בלוט אויף דעם ארט פון אנפאל — א לענגליכער רויטער צייכען האט זיך געצויגען אויף'ן וועג און זיך מיט א מאל איבערגעהאקט און פערשוואונדען.

גנערגערטע און בעאונרוהיגטע האבען מיר זיך אומגעקעהרט א היים.

צומארגענס האבען מיר געהערט, אז קיין נצרת, אין האספיטאל, האט מען פון כפר־קנא געבראכט א שטארק פערוואונדעטען אראבער. צוויי טעג שפעטער האבען מיר זיך דערוואוסט, אז דער אראבער איז געשטארבען פון זיינע וואונדען. בשעת מ'האט דעם אראבער געבראכט אין האספיטאל, האבען זיינע פריינד דערצעהלט, אז ער האט זיך צופעליג אליין געשאסען. ווען ר'האט שוין אבער געהאלטען ביין טויט, האבען זיי דערצעהלט אז סעדזשערער אידען האבען איהם דערשאסען. מיר האבען באלד דערפיהלט אז ס'וועט עפּיס פארקומען.

ס'איז געווען חול־המועד און מיר האבען ניט געארבייט. אין א קאלאניסטיש הויז, אונטער'ן בארג, זיינען מיר דאן געווען פערזאמעלט ביי'ן גליל'ער פועלי־ציון קאנ־פערענץ. מיר האבען דאן פערהאנדעלט די אגראר־פראגע — —אבער די געמיטער זיי־נען געווען פערנומען מיט גאר עפּעס אנדערש. איך האב געפיהרט דעם פארזיץ, — און מעהר ווי כ'האב זיך איינגעהערט אין די פערשיעדענע מיינונגען און צום גאנג פון די פערהאנדלונגען — האב איך געטראכט וועגען ברויניגג וואס כ'האב די גאנצע צייט געטראגען ביי זיך. די אנדערע חברים זיינען אויך געווען בעוואפענט.

אין מיטען די פערהאנדלונגען איז פון דער הויף געקומען א פאטרול אנזאגען, אז מען איז בעפאלען די טשערעדע פון קאלאניע און אוועקגעטריבען פרדות און אקסען. די קאנפערענץ איז איבערגעריסען געווארען. די חברים וואס זיינען געקומען פון אנדערע קאלאניעס האבען זיך גלייך אומגעקעהרט אין זייערע היימען, אום צו זיין אויף'ן פלאץ אין אזא אונרוהיגער צייט. מיר, סעדזשערער, האבען זיך צוזאמענגע־קליבען אין חאן צו בעטראכטען די לאגע און אויסארבייטען די טאקטיק: מיר האבען בעשלאסען די ערשטע זיבען טעג אויסמיידען ווי ווייט מעגליך צוזאמענשטויסונגען מיט די אראבער. לויט דעם אראבישען מנהג פון „גאם“ (גאולת־דם), זענען די ערש־טע זיבען טעג פון נאך'ן טויט די קרובים פון ערמארדעטען (די גואלי־הדם) בעזונדערס בערעכטיגט אויף אלערליי אנפאלען און רויבערייען אנטקעגען דעם צד פון דעם מערדער. שטעלט מען זיך דאן ענטקעגען מיט קראפט, — מוז בלוט פערגאסען ווערען.

די טשערעדע האט מען בעשטימט ניט צו שיקען מעהר אין וואלד ארייַן — וואס געפינט זיך ווייט פון דער קאלאניע, ארום א שעה גאנג נאר האלטען נאהענט צו דער קאלאניע.

אויף'ן נעכסטען טאג, נאך'ן אנפאל אויף דער טשערעדע, איז מען איבערפאלען די פעלדער נעבען סוק־אל־חאן, און געשניטען די גערשטען וואס האבען שוין געהאלטען אין רייף ווערען. אין קאלאניע גופא האט זיך דער שונא ניט בעוויזען. ס'האט זיך אבער געפיהלט אז אונאויפהערליכע בעוועגונג פון פערדעכטיגע פערזאנען ארום דער

פארם. אויף די בערג ארום האבען פון בעגינען ביז׳ן זונען־אונטערגאנג ארומגעוואנדערט בעוואפענטע רייטער און פוס־געהער. צוויי חברים: יעקב פלאטקין און נ. א., וואס זיינען אוועק אין טבריה ברענגען מצות, זיינען נעבען לוביע בעפאלען געווארען פון א גרויסער באנדע אראבער און גוט צושלאגען געווארען. די פעררעכטיגע ארומוואנדערונג אויף די בערג זיינען געווארען אליז אפטער און אינטענסיווער.

אין דער לופט איז געהאנגען עפעס פאטאלעס. קיינער האט דאס ניט ארויסגעזאגט — יעדער פון אונז האט עס אבער געוואוסט ביי זיך און געלעזען אין די אויגען פון די חברים: דער געדאנק פון אונפערמיידליך בעשערטען. ס׳וועט ענדליך איינער מיט זיין לעבען בעצאהלען — איינער אויף וועמען דער בלינדער גורל וועט פאלען.... מיר זיינען געווען ענטשלאסען און מיר האבען געווארט....

דעם לעצטען, זיבענטען טאג פסח איז דער גורל געפאלען, — ניט אויף איינעם — אויף צוויי...

* * *

ס׳איז געווען שוין א שעה צוויי נאך מיטאג. מיר זיינען עטליכע ארבייטער, געזעסען אין דער אפטייק ביי דער אפטייקערין, וואו מיר פלעגען פארברענגען די פרייע צייט. ס׳איז אריין ישראל (קארנגאלד) אין פולער בעוואפנונג. אויף׳ן אקסעל די מארטינקע, אין גארטעל די קארטושען און אין דער זייט א ברוינינג. ער האט דאן געוועכטעוועט אין פארם. אין געוועהנליכע צייטען פלעגט ער ארויס נור ביי נאכט — די טעג אבער האט ער שוין פון נאך מיטאג אן, באלד ווי ר׳איז פון שלאף אויפגעשטאנען, אנגעהויבען מאכען זיינע „דור“ען ארום דער פארם.

ער איז אריין און דערצעהלט, אז נאר וואס האט ער געטראפען צוויי אונבעקאנטע אראבער זיצען אויף׳ן בערגעל ביי׳ן בית־עלמין. זיי האבען צו איהם עפעס גערעדט — נור ער האט זיי נישט פערשטאנען. פערשטעהט וויייניג אראביש. איז ער געקומען נעמען מיט זיך איינעם וואס רעדט גוט אראביש. „יעצט וועלען מיר זיי, האט ער מיט זיין שטענדיג איראנישען שמייכעל געזאגט, פאר די אויערען אהער ברענגען“.

א., א סעדזשערער קאלאניסט, אן ארטיגער געבוירענער, וואס קען גוט די אראבישע שפראך, איז מיט איהם מיטגעגאנגען. מיר זיינען געזעסען און געווארט. אין א קנאפע האלבע שעה ארום האט זיך דערהערט שיסערייען. מיר זיינען ארויסגעלאפען — א. איז געקומען אן אטהעמלאזער מיט א קאלך־בלאסען פנים. „ישראל איז דערשאסען“ — האט ער קוים אויסגעשריען.

א טרעוואגע קלאנג פון גרויסען פארם גלאק האט צוזאמענגענומען אלע ארבייטער. גלייך געחאפט זיך צום געוועהר און אוועק. הינטער׳ן בארג ביי׳ן נרענעץ פון קאלאניע איז געלעגען ישראל — א גוסס. אויף זיין ברוסט איז געווען א קליין־שווארץ־בלוטיגע עפענונג. ער איז געלעגען אהן „מארטין“. בלויז דער ברוינינג און דער גארטעל־קוילען זיינען געבליבען אויף איהם...

מיר האבען געלאזט צוויי חברים ביי'ן גוסס — און מיט קאכענדיגע הערצער האבען מיר זיך פאנאנדערגעלאזט אין די בערג זוכען די מערדער. פיער זיינען זיי געווען — אבער פיעל זיינען די בעהאלטענישען צווישען די פעלזען און היילען פון די גליל'ער בערג, און אומזיסט איז געווען אונזער זוכען. מיר האבען זיך אומגעקעהרט אליין — מיט פלאמענדיגען צארן, ביטערע ענטטוישונג, פיינליכען צער און אומעט. ניט ישראל האט די געהיימע פיינד צו אונז לעבעדיגע פאר די אויערען געבראכט — מיר האבען ישראל'ן א טויטען פון פעלד א היים געטראגען...

דאס גרויזאם־פאטאלעס האט זיך אבער נאך ניט פערענדיגט — א צווייטער קרבן איז געפאלען.

ס'האט שוין אנגעהויבען צו דונקלען. די גאנצע קאלאניע איז זיך צוזאמען גע־קומען נעבען „חאן". די בלוטיגע חמארע האט אלע אויף איין ארט צוזאמענגעבראכט. מיר זיינען געשטאנען אויף'ן נצרת'ער וועג און געקוקט אהין אין דער ריכטונג פון דעם ארט, פון וואנען דער אומגליק איז געקומען — קיין כפר־קנא. מיט א מאל האבען זיך בעוויזען דריי לויפענדע אראבער, און צוויי חברים אונזערע יאגען זיך נאך זיי. די אראבער זיינען געלאפען פון די טוראנ'ער בערג, אין דער ריכטונג צו דער אראבישער סעדזשערא. מיר האבען גלייך בעשלאסען ארויסצושיקען דריי פון אונזערע זיי זאלען פערצאמען פאר זיי דעם וועג פון פארענט און פערכאפען זיי. מיר זיינען ארויס אין דרייען — י. ש., א סעדזשערער קאלאניסט, שמעון מלמד און איך: מיר האבען גענומען אבשיסען די לויפענדע אראבער, ניט אויף צו דערשיסען זיי, נור נויטען זיי זיך אבצושטעלען און דערמיט פערלייכטערען די צוויי חברים וואס האבען זיי נאכגעיאגט — צו דערנעהנטערען זיך צו זיי.

די דריי אראבער זיינען אויסגעקומען צווישען צוויי  פייערען, פון הינטען — אונזערע צוויי חברים, און פון פארענט זיינען מיר אנגעקומען. פון דער אראבישער סעדזשערא האט מען דאס דערזעהען — און דער גאנצער דארף האט זיך ארויסגע־לאזט אנטקעגען אונז דריי. אונזערע, וואס זיינען געשטאנען ביי'ם וועג האבען דער־זעהען די געפאהר — און האבען אונז צוריקגערופען. מיר האבען אבער אין פייפען פון די קוילען זייער שטימע ניט געהערט. די סעדזשערער אראבער זיינען צוגעקומען אליז נעהנטער. אונזערע האבען גענומען קלינגען מיט'ן גלאק, אום צוציהען אונזער אויפמערקזאמקייט. מיר האבען זיך אומגעקעהרט און דערזעהן די רופען און סיג־נאלען פון אונזערע חברים — און האבען אנגעהויבען צוריקקעהרען. מיר זיינען גע־גאנגען איינער הינטער'ן צווייטען — אפגערוקט צווישען זיך אין גאנצען 4—5 מעטער. מיר זיינען שוין צוגעקומען זעהר נאהענט צום וועג וואו אלע אונזערע זיינען גע־שטאנען — אין א ווייטקייט פון 40 מעטער, ווי כ'האב פלוצלונג דערהערט שמעון'ס קול: „אוי, מ'האט מיך דערשאסען!" און ער איז אנידערגעפאלען. כ'בין צו איהם צוגעגאנגען — ער איז שוין געווען טויט. אנ'אראבער, בעהאלטען צווישען די סאב־רעס (קאקטוסען) האט אין איהם געשאסען —און געטראפען גלייך אין הארץ.

אין דעם גרויסען צימער, וואו מיר האבען דעם סדר אבגעריכט, זיינען זיי ביי־

# יזכור

רע, אין ווייסע לייליכער איינגעהילט, א גאנצע נאכט געלעגען. צו מארגענס — אסרו חג — זיינען מיר צו דער ארבייט ניט געגאנגען — מיט אונזערע פיאשען האבען מיר געדארפט א גרויסען קבר אויסגראבען — איין קבר פאר צוויי געפאלענע, א קבר פאר אונזערע חברים...

שטיל האבען מיר זיי דאן אויף אונזערע אקסלען פון ארבייטער־צימער ארויס־געטראגען, אויף'ן סעדזשערער בית־עלמין געבראכט, און שטיל, אהן הספדים, זיי צוזאמען אין קבר אריינגעלעגט...

צוזאמען זיינען זיי אין סעדזשערא, אין'ם אידישען דארף, געווען, מיט איין האפנונג געלעבט, פאר איין זאך געארבייט — און צוזאמען געפאלען. — אייביג וועלען זיי צוזאמען רוהען.. איינער געווען א וועכטער, דער אנדערער א קאלאניסט — אין ארץ ישראלביידע, ד י  ט י י ע ר ע  און  ה י י ל י ג ע.

ניו־יארק, ערב פסח, תרע"ו.

ד. בן־גוריון



## חבר ישראל קאָרנגאָלד

פון קרינקי, רוסלאנד. געפאלען
אויף דער וואך אין סעדזשערא, כ"א
ניסן, תרס"ט.






אין עלטער פון עטליכע צוואנציג יאהר איז ער געקומען ארבייטען די ערד אין ארץ ישראל. תחילת האט ער געארבייט אין יהודה און געלעבט אין קאמונע מיט א גרופע ארבייטער. זומער תרס״ח, ווען דער נאציאנאל־פאנד האט אויפ׳ן ברעג פון ים־כנרת געגרינדעט אן ארבייטער־פארם, איז ישראל אוועק מיט די ערשטע ארבייטער גרופע אויפבויען די נאציאנאלע פארם.

ער האט דאן גע׳חלומ׳ט וועגען נייע בעציהונגען און נייע ארבייטס פארמען אויפ׳ן באדען וואס געהער דעם גאנצען פאלק. אבער די בעציהונג פון דער פערוואלטונג צו די ארבייטער האבען איהם ניט בעפריעדיגט און ער איז אוועק ארבייטען אין סעדזשערא. דא איז ער געווארען א וועכטער אין פארם. ס׳איז דאן גראדע געווען די אונרוהיגסטע צייטען אין סעדזשערא און די וואך איז געווען זעהר געפעהרליך. ישראל האט זיך אבער בעצויגען מיט איראנישע פאראכטונג צו דער געפאהר, און איז זיך אנגעגאנגען מיט זיין וואך ווי קיינמאל גארניט.

ווען ס׳איז פארגעקומען פסח, תרס״ט, צום סדר, דער אנפאל פון נאהענטען דארף כפר־קנא אויף צוויי אידישע דורכגעהער, וואו איינער פון די רויבער איז פערוואונדעט געווארען און אין א פאר טעג ארום געשטארבען — האט ישראל געוואוסט אז זיין לעבען שטעהט אין קאן, און ער האט נאך מעהר צייט אוועקגעגעבען צו דער וואך. פריהער פלעגט ער וועכטען בלויז ארום דער וואנד פון פארם ביי־נאכט. ווען ישראל האט אבער בעמערקט פערדעכטיגע פערזאנען ארומדרעהען זיך ארום דער פארם -- האט ער אנגעהויבען ארויסצוגעהן אויף דער וואך אויך ביי טאג, ווייטער אוועק פון פארם, און דארטען איז ער אויך נעפאלען דעם לעצטען טאג פסח פון א קויל פון א כפר־קנא׳ר אראבער.

* * *




## חבר שמעון מלמד

א קאלאניסט אין סערזשערא. גע־לאפען זוכען די מערדער פון ישראל קארנגאלד און דערשאסען געווארען פון אראבער, כ״א ניסן, תרס״ט.




פון דער היים איז ער געווען א סטאליער — געקומען איז ער אבער אין ארץ ישראל מיט'ן געראנק צו ווערען אן ערד־ארבייטער, און צוליעב דעם איז ער אוועק אין סע־דזשערא, וואו די יק"א האט געגרינדעט א פארם אויסצובילדען אידישע לאנדארבייטער.

זייענדיג א גוטער בעל־מלאכה האט איהם די אדמיניסטראציע עטליכע יאהר בע־שעפטיגט אין פארם מיט סטאלעריי. שמעון האט אלין געשטרעבט צו ווערען א קאלא־ניסט און האט זיך מיט זיין ארבייט ניט צופריעדענגעשטעלט, חאטש ער האט דערביי מעהר פערדיענט ווי א קאלאניסט. ענדליך האט די אדמיניסטראציע ערפילט זיין וואונש — נאך 5—6 יאהר ארבייט אין פארם איז שמעון געווארען א קאלאניסט־ארענדאטאר אין סעדזשערא.

גרויס איז געווען שמעון'ס פרייד, ווען ער האט פערביטען דעם הובעל און זעג אויף'ן אקער און קאסע.

מיט זיין געוועהנליכער פלייס און ענערגיע האט ער זיך גענומען איינארדנען זיין נייע בעל־הבית'ישקייט צו וועלכער ער האט יאהרען לאנג געשטרעבט — —ניט לאנג אבער איז איהם געווען בעשערט צו געניסען די פרייד פון פעלד ארבייט און לאנד־ווירטשאפט.

נור איין מאל האט ער אראבגענומען די תבואה פון זיינע פעלדער. דאס צווייטע יאהר האט ער נאר געאקערט און געזייט — פאר'ן שניט איז זיין בלוט פערגאסען געווארען אויף די פעלדער, וואס ער האט אזוי געליעבט, און שמעון איז געשטארבען פאר דער זאך, פאר וועלכער ער האט געלעבט.

* * *

דאס יונגע אידישע דארף האט געהאט זעהר פיעל אויסצושטעהען פון דער ארומיגער ווילדער סביבה און פון אנפאלען און גנבות מצד די שכנים. אפטמאהל האבען די אידישע ארבייטער און פויערים געמוזט ארויסגעהן אין פעלד מיט'ן אקער־אייזען אין איין האנד און מיט'ן ביקס אין דער צווייטער. און שמעון מלמד האט געקענט גוט ארבייטען און גוט פערטיידיגען. אין יעדען אנפאל און צוזאמענשטויס איז ער געווען פון די ערשטע צו פערטיידיגען. סיי ביי טאג, סיי ביי נאכט.

איינפאך־נאטירליך, אויפריכטיג און טיעף איז געווען זיין ליעבשאפט צום לאנד, און מוטהיג, עהרליך און ענטשלאסען איז ער געווען, ווען ס'האט זיך געהאנדעלט וועגען אידישען כבוד און ווירדע. און ביי יעדער געלעגענהייט האט ער געטריי, איבערגעגעבען פערטיידיגט די אידישע קאלאניע. אהן האס צו די אנפאלער, אן זאהן שרעק פאר דעם

געפאהר. זעלבסטשוץ איז פאר איהם געווען א נאטירליכע נויטווענדיגקייט — און אזוי איז ער געפאלען.

ס׳איז געווען דער לעצטער טאג פסח, תרס״ט, אין די אונרוהיגע טעג צוליעב דעם אנפאל פון די קריסטליכע שכנים פון כפר־קנא. שמעון איז געווען ביי זיך אין דער היים ווען ער האט פארנאכט דערהערט א שיסעריי אין פארם. ער איז באלד ארויסגעלאפען—ניט אנטוענדיג אפילו די היטעל און ניט נעמענדיג קיין געוועהר. זיין פרוי האט איהם נאכגעשריען למאי ער לויפט אהן דעם מארטין. און זי האט אראבגענומען פון וואנד דעם ביקס און איהם דערלאנגט. דער מאן האט גענומען די ביקס און איז אוועקגעלאפען אין פארם — און מעהר האט ער זיך צו זיין פרוי שוין ניט אומגעקעהרט...

שמעון האט זיך אין פארם דערוואוסט, אז דער וועכטער קארנגאלד איז ערמארדעט; מיט נאך עטליכע איז ער געלאפען זוכען די מערדער — און געפונען דעם טויט. פון אונטער א קאקטוס־פלויט האט איהם א מערדערישע קויל געטראפען גלייך אין הארץ — און שמעון איז געפאלען אויף׳ן ארט א טויטער...





**חבר דוב (בערעלע) שוויגער**

פון אדעס, רוסלאנד. פערוואונדעט געווארען אין א צוזאמענשטויס מיט אראבער צווישען סעדזשע־ רא און לוביע פאר פסח, און געשטארבען פון די וואונדען אין טבריה סוף ניסן, תרס"ט.




(ביאגראפישע נאטיץ)

פון דרום רוסלאנד, אדעס, איז ער יונגערהייד — אין עלטער פון 17—18 יאהר, געקומען אין ארץ ישראל, ארבייטען דאס לאנד פון זיינע טרוימען. ווי די מעהרסטע ניי־אנגעקומענע פיאנירען פון יענער צייט — אין יאהרען 1905־6 — איז ער אוועק אין די גרויסע קאלאניע פתח־תקוה, וואו ער האט א לאנגע צייט געארבייט און גע־פיבערט. דער פערלאנג צו פערפאלקאמען זיך אין לאנד ארבייט האט איהם געבראכט אין די פארם מקוה־ישראל, וואס בעלאנגט צו דעם פאריזער „אליאנס“. דער פראנצויזישער גייסט און שטרענגע ביוראקראטישע דיסציפלין, וואס האבען געהערשט אין מקוה ישראל זיינען געפאלען ווי א שווערע לאסט אויף דעם יונגען אידישען ארבייטער — בערלע האט עס אבער מקבל געווען באהבה צוליעב דעם טייערען ציעל.

סוף כל סוף האט ער זיך אבער „פערזינדיגט“ — און די שטרענגע אדמיניסטראציע האט איהם אבגעזאגט פון דער ארבייט. די זינד איז בעשטאנען אין דעם, וואס, הערענדיג פון אן׳אנפאל אויף דער אידישער קאלאניע גדרה — איז בערלע אהן ערלויבניש פון אדמיניסטראציע אוועק ביי־נאכט צו דער פערטיידיגונג פון גדרה.

בערלע איז דאן אוועק אין סעדזשערא, גליל התחתון, וואו ס׳האט זיך אנגעהויבען ארגאניזירען די אידישע וואך, און האט זיך מיט לייב און לעבען איבערגעגעבען דעם אידעאל, און די חברים וואס האבען גוט געקאנט זיין הערואישען כאראקטער האבען איהם אנפערטרויט די פעראנטווארטליכסטע און געפעהרליכסטע פאסטען. בערלע איז געווארען א נאכט־פאסטוך — דער ערשטער אידישער פאסטוך אין ארץ ישראל — אין סעדזשערער וואלד, וואו ער האט גלענצענד בעשטעטיגט דעם פערטרויען וואס די חברים האבען אויף איהם געלעגט: אין א בלוטיגען צוזאמענשטויס מיט די טשער־קעסישע פאסטוכער־וועכטער איז בערלע ארוים א זיעגער.

בערלע איז באלד בעריהמט געווארען אין גאנץ גליל מיט זיין אונערשראקענעם מוטה און העלדישקייט, און ווען ס׳האט איז דער נאהענטער קאלאניע אויסגעבראכען א סכסוך מיט די אראבישע שכנים און דאס אידישע דארף איז געשטאנען אין גע־פאהר — האט מען איבערגעגעבען בערלע׳ן צו ארגאניזירען די אידישע זעלבסט־שוץ, אין וועלכער ס׳האבען זיך דאן בעטייליגט אלע גליל׳ער קאלאניעס.

ס׳איז געווען זומער תרס״ח. אנ׳אראבישער וועכטער האט אין מסחה פערוואונדעט א צווייטען אראבער פון די „מוגראבער“—מאראקאנער אראבער. די ארומיגע מוגראבי־

# יזכור

שע דערפער האבען זיך געגרייט צו נעהמען נקמה פון אידישען דארף—און די לאגע איז געווען זעהר ערנסט. די מוגראבער האבען א שם אין גאנצען לאנד מיט זייער רויבעריי און רציחה. דאס מאהל האט זיך מסחה ניט דערשראקען און בעשלאסען צו בעשיצען זיך מיט געוועהר אין האנד, און דער גאנצער גליל איז געקומען צו הילף. יעדע קאלאניע האט געשיקט א דריטעל פון איהרע מענער צו בעטייליגען זיך אין דער שוץ, און בערעלע האט איבערגענומען די ארגאניזירונג און פערוואלטונג פון דער פערטיידיגונג, און האט זי ערפאלגרייך דורכגעפיהרט.

ווינטער תרס"ט האט זיך נעבען טבריה געגרינדעט א נייע קאלאניע מצפה און בערעלע איז אהין אוועק ארבייטען. — דארט איז זיין יונג לעבען אבגעהאקט געווארען. אין פעלד, געהענדיג אמאהל פאר פסח פון סעדזשערא אין מצפה, זיינען איהם בעפאלען עטליכע רויבער און געוואלט ביי איהם צונעהמען זיין געוועהר. בערעלע האט זיך פערטיידיגט און אונאויפהערליך אבגעשאסען די אנגרייפער. די רויבער האבען ניט געוואגט זיך צו דערנעהענטערען צו איהם — זייערע קוילען אבער האבען איהם דערגרייכט, און בערעלע איז שרעקליך פערוואונדעט געווארען. זיין קערפער איז אין פיעלע ערטער געווען דורכגעלעכערט מיט דראבנע קוילען פון „דזשיפט“ (אראבישער יעגער ביקס). קומענדיג אהיים האט זיך בערעלע ארומגעוואשען און געוואלט, ווי קיינמאל גאר נישט, שטעלען זיך צו דער ארבייט.

זעהענדיג אז זיינע כחות געהען אויס, האבען איהם די חברים געצוואונגען אוועק לעגען זיך אין בעט, און דערנאך אוועקגעפיהרט אין האספיטאל, אין טבריה, פון וועלכען ער איז שוין מעהר ניט ארויס. אין א פאר וואכען ארום, ענדע ניסן, תרס"ט, איז בערעלע געשטארבען פון זיינע וואונדען.

ער איז געווען אן איבערגעגעבענער חבר אין דער פועלי ציון פארטיי אין ארץ ישראל, און צוזאמען מיט ישראל קארנגאלד, וואס איז געפאלען כמעט אין דער זעלבער צייט, איז ער געווען זעהר טהעטיג אין ועד פון די גליל'ער פועלי ציון ארגאניזאציע.



# צוויי...

דער נאמען פון דעם ערשטען איז דוב שווייגער, אדער ווי מיר פלעגען איהם, דעם ליעבען און וואוילען, רופען: בערעלע שווייגער.

מיט איהם בין איך בעקאנט שוין מעהר ווי א יאהר צייט. ומעשה שהיה כך היה:

איך בין דאן געווען א בירגער פון דער שטאדט יפו ת"ו, געארבייט אין איינעם פון איהרע שול־אנשטאלטען. מיט אמאל זענען דערעסען געווארען די טינטערס טינט, דער קאנצעלאריע־טומעל און די קאמיסיעס־זיצונגען, אין וועלכע כ'בין דאן געווען פערטון מיט לייב און לעבען. כ'האב ניט פיעל געטראכט און אויסגעטראכט, נאר א שטארקע און מעכטיגע שטימע האט אין מיר גערופען: צו דער פרייער לופט, צום פעלד.

כ'האב זיך אויפגעהויבען, אוועק צום דיליזשאנס און —— האידא קיין פתח־תקוה.

דאס איז אויסגעפאלען ערב־שבת. שפעט ביי נאכט האב איך זיך צום ערשטען מאל געטראפען מיט בערעלען. מיר האבען אוועקגעשפאצירט הינטער דער קאלאניע. צוויי מיידלעך, א פוילישע און א ליטווישע, זענען מיט אונז מיטגענאנגען.

בערעלע האט געשטיפט, געשפאסט און זיך משוגע געמאכט. ס'איז קענטיג געווען, אז עפעס איז מיט איהם ניט גלאט. עפעס האט אין איהם געקאכט און ניט געפונען דעם פאסענדען און ריכטיגען אויסדרוק. די מיידלאך האבען ניט אראבגענומען די אויגען פון איהם. אבער אויך די דאזיגע אויגען־בליקען האבען געפרעגט, געשטוינט און געוואונדערט זיך: וואס איז מיט איהם?

מיך האט ער נאך ניט פערטשעפעט, נים אנגעריהרט טיעף.

נאר אין דעם קומענדען אבענד, מוצ"ש, האט עס מיך אדורכגענומען. אין דעם משונה'דיגען געצעלט פון צ. האט זיך צונויפגעקליבען א קליינער עולם. בערעל האט דאן מיט א צוריסענער שפראך מודיע געווען, אז די זאך איז ניט כשורה, אז עס פאדערט זיך אויסבעסערונגען, אומענדערונגען און בענייאונגען. און אז ד י נאכט נאך געהט ער אוועק אין גליל. פאר וואס? צוליעב וואס? אויף דעם האט ער נאך ניט געענטפערט, נאך ניט געפונען דעם ריכטיגען און אייגענעם אויסדרוק.

דעם אמת'ן און בעזונדערען אויסדרוק האט ער געפונען ערשט אין דעם קומענ־דען פריה מארגען. ס'איז געווען, ווי מיר זענען זיך נוהג צו זאגען, א העל־שיינענדער פריה־מארגען. א סך, סך זונענשיין. ארץ־ישראל'דיגער זונענשיין: זאלבעדריט, איך, ער און דאס ליטווישע מיידעל, זיינען מיר ארומגענאנגען אין די בערג צווישען פתח־תקוה און יפו. און צווישען די בערג, אין די טהאלען האבען זיך די הערצער פאנאנדערגעעפענט. בעזונדערס האט זיך אויפגעעפענט בערעל'ס הארץ: תחילת האט

ער נאך געשטאמעלט, גערעדט אויף פרעמדע שפראכען: ער זעהט די ווערים פויזען ארום זיין אידעאל. די ערד וויל איהם איינשלינגען. ער איז נאך יונג, ער וויל פערבלייבען ביי זיין גלויבען, בלייבען א גאנצער ציוניסט. דערפאר אנטלויפט ער אין גליל.

ביסלעכווייז, ביסלעכווייז איז פאר מיר קלאר געווארען אן אייגנארטיגע ער־שיינונג: שווייגער איז מ ק נ א די אראבער זייער לעבען. דאס אראבישע לעבען איז פאר איהם געווארען א סימבאל, אנ׳אידעאל: דאס ערליכסטע און בעסטע אין לעבען. ס׳ארא פרייהייט! ס׳ארא ברייטקייט! ס׳ארא בערג־הויך! וויפיעל קראפט און אייגענווירדע! ס׳ארא געפיהל פון אייגענעם יחוס!

אויף יענעם וועג האט זיך אונז געטראפען א הייס־אראביש פערדעל. בערעל האט זיך באלד ארויפגעכאפט אויף איהם און געמאכט פאר אונז „פאנטאזיעס“ אויף׳ן אראבישען שטייגער.

שווייגער האט געבענקט נאך׳ן אראבישען לעבען. דאן, ווען מיר זיינען געגאנ־גען פון פ״ת קיין יפו, האט ער נאך ניט געוואוסט, ווי אזוי ער וועט פערווירקליכען זיין שטרעבונג. אבער די שטרעבונג האט שוין אין איהם געלעבט און פאנאנדער־געוואקסען זיך: א טונקעלער באגעהר נאך אנ׳אונבעקאנטען לעבען. געהיימע בע־צויבערנדע אילוזיעס זיינען געווען דער הויפט־פאקטאר, אנ׳עלעמענטארער כח אין זיין כאראקטער.

און שטארק ווי דער טויט איז די אילוזיע. איין ציעל האט ער זיך, פארלויפיג, געשטעלט: א וועכטער אדער א פאסטוך ווערען אין גליל.

און שפעטער? דאס הויפט־ציעל?

דא שווייגט דער טרוימער. וואס שפעטער וועט זיין ווייסט ער ניט. דער עיקר־הדבר איז געווען פערהילט אין א וואלקען.

און ער איז טאקי געווארען דער ערשטער אידישער קאלאניע־וועכטער.

יענע צייט איז געווען א שלעכטע. א צייט פון צרות און רייסערייען מיט די אראבישע שכנים. איך, אלס סעקרעטער פון דער פארם „כנרת“, בין געווען פון די ערשטע, וואס האבען דערפיהלט, אז ניט־גוטעס און בייזעס ערווארטעט אונז. כ׳האב זיך מיט א בריעף געווענדעט צום „החורש“, פערעפענטליכט א בריעף אין „הפועל־הצעיר“ — האבען מיך די חברים פון סעדזשערא אויסגעלאכט. בעזונדערס האט זיך דאן געשטארקט די שנאה פון די אראבער צו מסחה, צו דער שעהנער קאלאניע, וואס ליגט צופוסענס פון׳ם בארג תבור. דאס מאל איז ווירקליך געשעהן עפעס אונגעוועהנליכעס. דאס מאל האט זיך די אידישע קאלאניע ניט געבויגען, ניט מיאוס געמאכט און ניט „פערשטאכען די הענד וואס בעזיצען די מאכט“. זי האט זיך בע־וואפענט אום צו פערטהיידיגען איהר פערמעגען און איהר עהרע. אלע קאלאניעס פון דעם אונטערשטען גליל האבען זיך בעטהייליגט אין דער זעלבסטשוץ. אפילו פון

רער ווייטער „כנרת" זיינען אנגעקומען זעקס ארבייטער צוזאמען מיט'ן פערוואלטער פון דער פארם.

די גאנצע אנגעלעגענהייט פון דער זעלבסט־שויז, אין וועלכער ס'האבען זיך באטהייליגט אי ארבייטער, אי קאלאניסטען, איז איבערגעגעבען געווארען דעם יונגען בערעל שווינגער. מ'דארף מודה זיין: ער האט עס גלענצענד ארגאניזירט. זיין צייטווייליגע דירה איז געווען די שולע פון דער קאלאניע. דארט האט ער די פער־טיידיגונג דערהויבען צו א גאנצער סיסטעמע פון טאקט און געשיקטקייט. די אידען האבען געזיעגט.

און איצט האט דער יונגער און פרישער בערעל שווייגער געפונען זיין רוה אויף'ן בית־עלמין אין טבריה.

שטארק ווי דער טויט איז די אילוזיע.

* * *

ישראל קארנגאלד איז געווען אנ'אנדערער, גאר אנדערער מענש ווי שווייגער. ער איז געווען א מענש אהן אילוזיעס. בערעלע איז געקומען אין ארץ־ישראל א זיבעצעהן יאהריגער בחור, ישראל איז אנגעקומען אין לאנד שוין נאך אלעמען, שוין נאך דעם ווי אלע זיינע היילינגטהימער אין רוסלאנד זיינען חרוב געווארען: בערעל'ס הארץ איז געווען אן אפענער בוך און ישראל'ס הארץ — א פערשלאסענע און א פערזיגעלטע, גאנצע הרודעס פון שטארקער ביטערקייט און שווארצען יאוש האבען זיך ביי איהם דארט אנגעזאמעלט.

ער איז געווען א כאראקטער. שטאל־שטייף גייסטליך און קערפערליך. קיין ערלייזונג האט ער, אפילו, ניט געפונען ניט אין זיין ארבייט, ניט אין דער העברעאישער ליטעראטור, ביי וועלכער ער האט פערבראכט זיין פרייע צייט, און איך האב מורא: אז אויך ניט אין דער פארטיי „פועלי־ציון", צו וועלכער ער האט געהערט. אבער דאס לאנד אליין איז פאר איהם געווען ווי א פרישער טוי אויף א טרוקענעם באדען. מיט פעלד האט אנגעהויבען שמעקען פון איהם...

בערעל — מיט אילוזיעס, ישראל — אהן אילוזיעס, — וואס איז דען דער חלוק?

גרויס איז געווען דער וועהטאג, ווען כ'האב פלוצלונג דערהערט פון די פרישע קברים. דאס געפיהל פון א פריינד האט זיך אין מיר ערוועקט און איך האב ביטער בע־קלאגט די פרישע יונגע בוימער, וואס זיינען אזוי פריה־צייטיג פערשניטען געווארען. נאר כ'בין זיך מודה: ביסלעכווייז, ביסלעכווייז האט זיך אויסגעוועבט דער צער, צוגאנגען און פערוואנדעלט זיך אין א שטילען טרויער...

גוט איז דעם מענשען, וואס די קויל האט איהם געטראפען אין דער יוגענד, ביים אויפבליהען, אין סאמע מיטען פון זיין גאנצקייט, אין דער ערשטער פרישקייט פון

זיין גלויבען. דער שיקזאל פון ר"ש בן גבירול איז ניט ערגער פאר'ן שיקזאל פון ר' משה הסלח. ניט אין לאנגע יאהר איז גליק און שענקייט.

וואויל איז צו דעם וואס זיינע טעג זיינען געצעהלטע.

נאר ווען כ'הער ווי מענשען דיסקוטירען, היצען זיך ווענען נייע לענדער, טראכט איך זיך: ווי מארגע די מענשען זענען, זיי ווייסען גאר ניט ווי נישטיג אונזערע כחות זענען אום צו בעזעצען וויסטע לענדער און וויפיעל כחות מיר האבען שוין פערטון אין דעם דאזיגען לאנד.

„ווען די אידען וואלטען קומען אהער און דערזעהן אט די דאזיגע הערליכקייט, וואלטען זיי דען געקענט אבזאגען זיך פון דעם?" — דאס זענען די לעצטע ווערטער, וואס כ'האב געהערט פון בערעלען. ווען ער האט געזאגט די דאזיגע ווערטער, זיינען מיר ביידע געלעגען אויסגעצויגען אויף די קליינע ווייסע שטיינדעלאך ביים ברעג פון ים כנרת, אנטקעגען די בערג פון גל־עד...

ר' בנימין.



# זכרונות

(מיט בערעלע שווייגער).

אין חודש סיון איז דאס געווען, עטליכע טעג פאר ל"ג בעומר. איך בין דאן דורכגעפאהרען די קאלאניעס פון גליל־התחתון. כ'האב פערבראכט עטליכע טעג אין סערזשערא. דאמאלסט האב איך זיך בעקאנט מיט איינעם פון יענע לייט, מיט בערעל שווייגער.

דריי פון די ארבייטער האבען מיך דארטען פעראינטערעסירט, איינער פון זיי אן אדעסער, נאר גאר ניט קיין אדעסער טיפ. מיט א בעזונדער ערנסטקייט האט ער זיך צו אלץ בעצויגען: בעטהייליגט זיך אין דער ציוניסטישער טעטיגקייט, איינגעשטעלט דעם לעבען אין דער זעלבסט־שוץ: פון דארט אוועק אין בערלין שטודירען אגראנאמיע. דערנאך אויך דאס אויפגעגעבען און געקומען אין ארץ ישראל זיין אן ערד־ארבייטער. ער האט געזוכט דעם עיקר פון זיין לעבען, און מיר דוכט, אז דא אין לאנד האט ער דעם ע י ק ר געפונען. אן אונגעוועהנליכע רוהינקייט איז געווען אויסגעגאסען אויף איהם. נאר אמאל פלעגט ביי איהם אין די אויגען אויפבליצען א מארנער פייערל, וואס האט זיך ניט געפאסט ניט צו זיין געזיכט און ניט צו זיינע ארבייטער־הענט, ניט צו זיין אויסערליכקייט און ניט צו זיינע בעוועגונגען.

דער צווייטער יונגערמאן איז געווען אן ארטיגער געבוירענער אין איינער פון יהודה'ס קאלאניעס. א קינד פון א פרעהליכען טאטען, איז ער געווען תמיד לוסטיג און לעבעדיג. די פקחות פון א יונג־אלטען מיט דער פרעהליכקייט און שטיפערישקייט פון א קינד האבען זיך אין איהם פעראייניגט. נאר מיט איין זאך איז ער פאר מיר געווען אויסטערליש. די קאלאנישע קינדער זיינען דאן כמעט אלע געווען רוהיגע. יענע נערוועזיטעט, דער בטול־היש, די אונאויפהערליכע בענקשאפט און דער גאלגען־הומאר פון די רוסישע יונגע לייט איז זיי פרעמד געוועזען. נאר דער בחור איז געווען אן אויסנאהם. זיין נאטירליכער העברעאיש, זיין פשטות זיינען געווען די איינציגע סמנים, אז ער איז אן ארץ־ישראל'דיגער. פון וואנען קומען צו איהם אט די איינגענישאפטען פון דער רוסישער יוגענד? — —דאס האט מיך געוואונדערט. אזוי ווי ער האבען מיך אויך געוואונדערט די ארץ־ישראל'דיגע שטריכען אין בערעל שווייגער'ס כאראקטער.

דער לעצטער איז געווען א בחור פון א יאהר 18; א ווייכע געזיכט, לעבעדיגע אויגען, געקרייזעלטע האר און מיידעלשע חן־גריבעלעך אין די באקען. אן אונגעוועהנליכע פרעהליכקייט, אן עבט־דרומדיגע לייכטקייט, צוזאמען מיט א ישעהן־רוהיגען געזיכט. און לאכען האט ער געקאנט, דער בחור, ממש ווי א יונג מיידעל: ליעב געהאט זינגען, טאנצען, שטיפען און משוגע מאכען זיך. אין הלכות־שטיפען און לוסטיגזיין איז אויך זיין ארץ־ישראל'דיגער חבר געווען א גרויסע בריה. נאר אמאל, ווען זיי

ביידע פלעגען שפאסען און שטיפען, פלעגט אויסקומען משונה׳דיג צו הערען ווי זייער דריטער חבר, דער אדעסער, פערציהט עפעס אן ערנסטען, אומעטיגען נגון.

לבנה־נעכט געווען, פלעגען מיר ארומשפאצירען איבער דער קאלאניע ביז האלבע נאכט. פון דעם בערגעל, אוואו עס שטעהען די געביידעס פון׳ם פארם, פלעגען מיר אראבלאזען זיך אין דער קאלאניע אריין; אמאל אוועקגעהן אין די פעלדער. געזאנג־קלאנגען האבען אנגעפילט די גאנצע ווייטקייט. בעזונדערס האט אבגעקלונגען דער הילכיג־זילבערנער געלעכטער פון בערעלע שוויגער. אין ארץ ישראל קאן מען ניט לאכען: מ׳וויים דא ניט פון קיין איבעריגער עצבות און אויך ניט פון דעם פולען געזונטען לאכען פון דרום־רוסלאנד. עצבות און לאכען זיינען דא אויסלענדישע סחורה. און יענער הילכיגער, קלינגענדער געלעכטער, וואס גיסט זיך פאנאנדער און צושלאגט זיך ווי כוואליעס אן שטיינער, יענער געלעכטער פון בערעלע׳ן פלעגט מיך מיט אמאל אוועקטראגען צום ברעג פון שווארצען ים מיט זיינע זומער־נעכט. און דאן האט מען מיר געזאגט אז בערעלע איז אן אדעסער.

בערעלע האט גערעדט אויף דריי שפראכען: העברעאיש, אידיש, רוסיש. אין די ערשטע צוויי שפראכען האט ער זיך געפיהלט גאנץ היימיש, אין דער דריטער איז ער געווען א גאסט. אפטמאל פלעגט ער פלוידערען מיט אזא שפראכען־אויסמישעכץ, אויף דער בעזונדערער המון־שפראך פון דער אדעסער מאלדאוואנקע, א מין צוריסענער און צופליקטער אידיש, אויסגעמישט מיט א פערגרייזטען, אייגענארטיגען רוסיש. מיר פלעגען קייכען פון געלעכטער הערענדיג אט דעם משונה׳דיגען דיאלעקט זיינעם.

בערעלע האט ליעב געהאט דאס לאנד מיט א נאטירליכער ליעבע. כ׳וויים ניט אויב איהר קענט די אומגעגענד פון אדעס. ארום צענטער פון שטאדט ציהען זיך גערוימע קווארטאלען מיט ברייטע גאסען. לאנגע הויפען מיט ליידיגע פלעצער. נאר די הייזער, סיי די קליינע, סיי די גרויסע, זיינען עפעס ווי מיט א קארגהארץ געבויט געווארען. שמאלע צימערען, פינסטערע קעלערס, און שלעכטע געביידעס. הינטער די דאזיגע גאסען שפרייטען זיך פעלדער, בערגלאך: אנדערע קוקען־אויס ווי ווענד פון א חורבה, און אנדערע פשוט ווי גרויסע מיסט־בערג. אויף די דאזיגע בערגלאך און צווישען זיי איז דאס קעניגרייך פון — די באָרוועסע. פון פארט און פון וואקזאל קומען זיי אהער ווארעמען זיך אנטקעגען דער זון. ווען די קינדער פון די שטאדט־פערטלען רייסען זיך ארויס פון דער פערשטיקטער לופט צו דער זון, זאפען זיי איין אין זיך אויך אט די בעזונדערע אטמאספערע: זיי קריכען ארויף אויף דעם בערגעל, וואו פון איין זייט זעהען זיך די ברייטע סטעפעס און פון דער אנדער זייט — דער ווייטער שטח פון ים. און די „באסיאצקע“־ליעדער, דאס ליעד פון די ווייטע און ברייטע סטעפעס, דאס ליעד פון ווילדע און לוסטיגע אויסגעמישט מיט׳ן יאמער פון צובראכענע נפשות, וואס האבען שוין אליץ פערלארען, אט די דאזיגע פערשיעדענע אויסגעמישטע געזאנגען דרינגען אריין אין הארצען פון דעם אידישען אינגעל, מישען זיך אוים מיט זיינע פאלקס־ליעדער און פון דעם בעקומט זיך א נייע לייכטזיניגע ליעד, א ממזר־ליעד אהן א טאטען און אהן א מאמען.

מיט פערשיעדענע פּלוצלינגדיגע איבערגאַנגען פון איין נגון צום צווייטען, פון איין שפּראַך צו דער צווייטער. אַ כּל־בּו ליעד. סוף־סוף בעקומט זיך עפּעס אַ משונה־דיגע נשמה אַהן אַ פאָלק, אַהן אַ לאַנד, אַהן אַ עבר און אַ צוקונפט — די מאַלדראַוואַנקע־נשמה.

דאָך איז נאָך פאַראַן אין מאַלדראַוואַנקע אַ המון אידען וואָס זיינען פערבליבען ביי זייערס. די דאַזיגע שטערען דער אויסבילדונג פון דער נייער לעבענס־פאָרם. אַזוי ווערט בעשאַפען אַ בעזונדער סאָרט אידען: אַ אידישע „באָסאַצסטוואַ“.

אַ אידישע „באָרוועסער“! אַזאַ איז געווען בערעלע שווייגער. אויסערליך האָט ער ניט אויסגעזעהן אַזוי. רוהיג, מיט אַ שטילקייט פון יחסנים און שעהן איז געווען זיין געזיכט. דאָך, אַלץ וואָס ער האָט אין זיך געהאַט פון זיין פערגאַנגענהייט פון די אָדעסער קוואַרטאַלען — איז געווען „באָסאַצסטוואַ“. ווער האָט איהם אַהער געבראַכט? — ווייסט איין גאָט אין הימעל. נאָר איינס איז קלאָר: אַז אַוועקגעהן פון דאַנען האָט ער ניט געקאָנט. אַלץ איז איהם דאָ נאָהענט געוועזען. יענער ווייטער בלויער ים, יענע טיעפע הימלען, מיט דער ברייטער געגענד, בערג מיט טהאָלען, מיט דאָס גאַנצע „באָרוועסע“ לעבען פון דעם אידישען אַרבייטער דאָ. דערצו די לייכטקייט, מיט וועלכער מ'קאָן דאָ איבערגעהן פון איין אַרבייט צו דער צווייטער, פון איין אָרט צום צווייטען האָט געמוזט צובינדען זיין נשמה צו ארץ־ישראל, אויף וויפיעל ער איז פעהיג געווען בכלל צוצובינדען זיך צו איין אָרט. ביסלעכווייז האָבען זיך ביי איהם אַנגעהויבען צו בעווייזען נייע נייגונגען. צוזאַמען מיט די חן־גריבעלעך אויף די באַקען — האָבען זיך אַנגעהויבען צו בעווייזען אויף קנייטשען פון זאָרג און צער.

כ'האָב זיך מיט ב. שווייגער געטראָפען נאָך אַמאָל אין מירון און אויך אין ראש־פּנה. און שטענדיג דער זעלבער לאַכענדער, טאַנצענדער און פרעהליכער בערעלע. ס'איז אָבער געווען נאָך אַ בערעלע — בערעלע דער וועכטער. שפּעט ביי דער נאַכט, ווען ער איז אַרומגעגאַנגען צווישען די קוסטעס און די שטיינער אַרום די קאָלאָניע, און די לבנה פלעגט פערגעהן, דאַן פלעגט בערעלע ווערען ערנסט. ניט בערעלע איז ער דאַן געווען, נאָר דוב שווייגער. אויך אין יענע מאָמענטען ווען מיר פלעגען רעדען וועגען דעם לאַנד, וועגען גליל און דער וואָך, פלעגען זיך אויף זיין שטערען בעווייזען איינציגע קנייטשען. די וואָך אין גליל איז דאַן געווען אַ געפעהרליכע. די וועכטער האָבען עס גוט געפיהלט, נאָר קיינעם האָט זיך ניט געגלויבט, אַז בערעלע קאָן שטאַרבען. דאָס איז פּשוט לעכערליך. בערעלע מיט די חן־גריבעלעך און קרייזעלאָך וועט שטאַרבען? דאָך, ער פלעגט זיך צוהערען ביי נאַכט צום געהיימען שאָרך צווישען די בערג און קוסטעס פון גליל. אין די בערג מיט זייערע פערבעהעלטעניסען און היילען הערט מען די שטילע טריט פון פיינד.

צוזאַמען מיט די קנייטשען איז אויך געקומען אַן אַנדער בעציהונג צו אַלץ. די ערשטע לעבענס־איינדריקע זיינען פערוויישט געוואָרען. די ליעבשאַפט צום לאַנד איז אַלץ טיעפער געוואָרען. פון בערעל איז געוואָרען „דוב“. און ער האָט אַנגעהויי־

# יזכור

בען רעדען העברעאיש. ס'איז קענטיג געווען, אז אחוץ זיין פערגאנגענהייט אויף'ן ברעג פון'ם שווארצען ים, האט ער אנגעהויבען צו פיהלען אויך אן אנדער פער־גאנגענהייט, אזא פערגאנגענהייט, וואס פערברידערט איהם מיט די, וועלכע האבען דא מיט צוויי טויזענד יאהר צוריק איינגעשטעלט זייער לעבען אין סכנה. די מאלדראוואנער לייכטזיניגקייט האט נאר די ערשטע טריט געמאכט, אבער די גליל'ער נעכט האבען ביסלעכווייז דעם אינגעל אין א מאן פערוואנדעלט.

ער היום זעה איך פאר זיך זיין געזיכט. אט איז ער דער מאלדראוואנער אינ־געל. אט זינגט ער: „מיין הארץ זאגט מיר: העלען, פרישען, בליהענדען פריהלינג“. אביסעלע שפעטער, און זיין קול איז שוין טרויעריג, און ער זינגט „הכניסיני“: און ווידער צוריק צו מאלדראוואנקע: אין א רגע ארום, און ער רעדט שוין העברעאיש, רעדט ערנסט וועגען גליל. וועגען דער וואך. בערעלע — און ערנסטקייט! ווידער א רעטעניש. ווער האט עס אויסגעאקערט אויף זיין שטערען די געדאנקען־קנייט־שען? ווער האט עס דעם מאלדראוואנער אהער ארויבגעבראכט און איהם געמאכט פאר אן ארץ־ישראל'דיגען? ווער?

ער האט נאך ניט געוואוסט פון ווידערשפרוכען. מיר, ליטוואקעס, ווייסען ניט פון קיין הארמאניע. אדער ג א ר אדער גארניט. „כלו זכאי“ אדער „כלו חיב“. אדער מיר זיינען אינגאנצען אין גלות, אדער אינגאנצען פיינד דעם גלות און שטרעבען נאר צו דער גאולה. אבער ער — ער האט געוואוסט נאר איין זאך: שעהן איז דאס לעבען. פאראן א שעהנע לאנד, שעהנע הימלען אויסגעשטערנטע, לבנה־נעכט, ביימער, קוסטעס, בערג און פעלזען און ס'איז פאראן און פאראן — און אלץ איז געווען אין איהם און ער אין אלץ — —נאר, ווי ס'ווייזט אויס, האט ער אויך אנגעהויבען פיהלען אז ס'איז עפעס ניט אזוי פשוט.

און בערעל איז גע'הרג'עט געווארען. און איהר קלאגט אויף זיין טויט. און וויפיעל זיינען איהם מקנא? ער האט ניט פערשוועכט זיין נשמה; און אנדערע? און ווער ווייס וואוהין ער וואלט אוועק, ווען ער וואלט בלייבען לעבען?

און וויפיעל העלדען זענען דא געווען? ווער קוקט זיך אויף זיי אום? וויפיעל פון זיי זיינען איצט פאראן?

א שאד! א שאד, וואס מיר ווייסען נאר הספדים צו מאכען. פאר די לעבע־דיגע האבען מיר קיין אויג ניט.

יעקב ראבינאוויטש

# בערעלע שווייגער

(זכרונות)

אין א פריהלינגס־טאג, מיין ערשטער פריהלינג אין ארץ־ישראל, האב איך זיך א לאז געטון אויף א שפאציער קיין „מקוה־ישראל“, די ערשטע אידישע פארם אין לאנד. מיט דעם זונען־אונטערגאנג בין איך צוגעקומען צו די הויכע, שלאנקע קא־ליפטוס־בוימער, וואס טיילען אוים מקוה־ישראל, ווי אן אאזיס צווישען די ארומיגע אראבישע דערפלעך; דארטען, אויף דער פארם האב איך פערבראכט יענע נאכט.

כמעט אלע שילער פון „מקוה“ זענען געוועזען אינטערנע, אויסער איינצעלנע „פראקטיקאנטען“, וואס זענען ניט לאנג אנגעקומען פון רוסלאנד. אט די האבען זיך גערעכענט פאר „עקסטערנע“, וואס האבען פאר זיך איין פראקטישען צוועק — צו פערפאלקאמען אין דער ארבייט. אבער אויך די עקסטערנע זיינען געווען אונטערוואָרפען דער שטרענגער אליאנס־דיסציפלין: ביי זייער עסען און שלאפען, ביי דער ארבייט און רוה — אימער זענען זיי געשטאנען אונטער דער קאנטראל פון דער פארם־אדמיניסטראציע און פון די ארטיגע סדרים.

צווישען די „עקסטערנע“ האב איך זיך צום ערשטען מאל בעקאנט מיט דעם חבר ד ו ב אדער ב ע ר ע ל ע ש ו ו י י ג ע ר. בערעל מיט זיינע חברים האבען זיך נעפיהלט גאנץ פרעמד אין דער סביבה פון זייערע שול־קאמעראדען און ערציהער. די יונגע אימיגראנטען, וואס זענען אהער געקומען, דורכגעדרונגען מיט א טיעפען לעבענס־אידעאל, זענען געוועזען מיט א קאפ העכער פון זייערע נייע חברים און וועגווייזער, וואס זענען ערצויגען געווארען אין דעם טראדיציאנעלען קאריעריסטישען אליאנס־גייסט, ווייט פון נאציאנאלען אידעאל, ווי מזרח פון מערב: און גראדע דא, אויף דער ערשטער אידישער פארם אין ארץ־ישראל, איז געוועזען בעשערט די רוסישע אי־דעאליסטען צום ערשטען זיך צוזאמענשטויסען מיט דער גרויזאמער ווירקליכקייט. דאס האט ביי זיי, נאטירליך, ערוועקט א שארפע ענטריסטונג און ערביטערונג. דאס איינציגע, וואס האט זיי איינגעהאלטען אין דער שולע דא — איז געווען די האפנונג צו געפונען די געווינשטע טעבנישע פארבערייטונג פאר דעם, וואס זיי האבען געהאלטען פאר זייער העכסטען אידעאל — פאר ערד־ארבייט.

מיר האבען פערבראכט יענעם אבענד אין שמועסען און שפאצירען איבער דעם ברייטען הויף פון דער פארם, צווישען די אלעען פון קאליפטוסען און טראפישע פלאנצונגען.

בערעל האט אויף מיר געמאכט א בעזונדערען איינדרוק, וועלכער האט זיך מיט דער צייט, ווען איך האב איהם בעסער דערקענט, נאך מעהר פערשטארקט. ער איז דאן נאך זעהר יונג געוועזען און די קינדהייטס־נאאיוויטעט האט נאך געשוועבט איבער איהם. פלינק און שארף איז געוועזען בערעל אין זיין רעדען און דענקען.

א בעזונדער לייכטקייט האט ער פערמאגט איין אלע בעוועגונגען פון זיין קערפער, ווי אין דעם שטראם פון זיינע אידעען און אין דעם פליה פון זיין אריגינעלער פאנ־טאזיע. עס האט אין איהם געשלאגען א קוואל פון נאטירליכער לעבענס־לוסט, א שטרעבען צו גרויסע מעשים און העלדענשאפט. אמת, אפטמאל פלעגט זיין אריגי־נאליטעט איבערפליסען די גרעניצען פון דעם, וואס איז אנגענומען ביי לייט. ער האט תמיד געהאט א מאדנע צוציהונגס־קראפט פאר אלע זיינע ארומיגע.

איך וועל ניט פערגעסען יענעם זומער מיט יענע רוישיגע דעבאטען אין דעם „ארבייטער־קלוב" און אין „חיים־ברוך'ס" האטעל, די גרופעס ארבייטער און סתם נייע יונגע לייט, וואס פלעגען זיך ארומדרעהען פוסט און פאס, אהן ארבייט, איבער די גאסען פון יפו; א טייל פון זיי — הונגעריגע, א טייל — פיבערדיגע, מיט פער־ביטערטע טענות צום לאנד און צו דער ארבייט, צו דעם ישוב און צו די וואס האבען איהם געשאפען.

אפטמאל, געדענק איך, פלעגט צוקומען בערעל צו אזא גרופע. א פאר סארקאס־טישע בעמערקונגען און וויצען פון זיין זייט פלעגען גלייך צוטרייבען דעם וואלקען פון פערביטערונג און מאכען א סוף צו די אונענדליכע דעבאטען און ספקות, צו די דאגות פון נעכטיגען און מארגעדיגען טאג.

* * *

נאך א בעזונדער שטריך אין בערעל'ס כאראקטער: אן אונגעוועהנליכע נא־טירליכע דרייסטקייט און שרעקלאזיגקייט.

עס זיינען דא א סך „שרעקלאזע העלדען", וואס רייסען ממש אוים בערג, מאכען אש און רויך פון טעמפלען און בויען טורעמס ביז אין הימעל אריין — אין זייער פאנטאזיע. קומט אבער אז אויף זיי א געוועהנליכע לעבענס־געפאהר, פערלאזט זיי מיט א מאל זייער גאנצע גבורה, און זיי ווערען, נעבעך, שוואך ווי א פשוט'ער בשר ודם. דאגעגען, זיינען ווייניג דא „גאנצע", ביי וועמען עס איז נישטא קיין סתירה צווישען דעם פליה פון זייער גייסט און דעם מוטה פון זייערע מעשים. א טיפ פון אזא גאנצער נאטור, ביי וועמען די גייסטיגע כחות ענטשפרעכען און הארמא־נירען מיט די שטרעבונגען — איז געווען בערעל. און די לעצטע זיינען געווען גאר נישט אזוי מעסיג און בעשיידען.

עפעס א פערבארגענע קראפט, א דראנג נאך גרויסעס, נאך העלדישעס האט געלעבט אין דער טיעפעניש פון זיין נשמה. דער גייסט האט ניט בעוויזען רייך צו ווע־רען און זיך צו ענטפלעקען אין זיין גאנצער גרויס, ווארום דער יונגער בערעל איז געפא־לען פאר זיין צייט, אבער יעדער וואס האט איהם נעהענטער געקענט, האט דאך דעם גייסט געשפירט. ער האט זיך געפיהלט פון זיין גאנצען כאראקטער, פון אלע זיי מעשים, פון זיין טיעפער אונצופריעדענהייט מיט די געוועהנליכע וועגען, פון זיין שטענדיגען זוכען נייע אריגינעלע דרכים.

סוף יענעם זומער האט זיך געטראפען א צופאל, וועלכער האט ניט ווייניג גע־

ווירקט אויף בערעל'ס וווייטערדיגען לעבענס־גאנג. אין דער קאלאניע גדרה האט אויסגעבראכען א סכסוך אויף דעם גרענעץ צווישען די קאלאניסטען און די אראבער פון דעם שכנישען דארף קאטרא. פון ביידע זייטען האט מען זיך איבערגעשאסען און אין רעזולטאט איז איין אראבער געפאלען טויט פון א קויל פון א קאלאניסט'ס א זוהן.

ווי דער שטייגער איז, האבען זיך תיכף אויפגעזאמעלט אלע קרובים פון דעם געפאלענעם'ס פאמיליע און מען האט זיך א לאז געטון צו דעם הויז, וואו עס איז געווען בעהאלטען דער יונגער קאלאניסט — טאקע כאמע אין אנהויב פון דער קאלאניע. דער יונגער קאלאניסט האט מתרה געווען די אראבער, אז ער וועט שיסען יעדען, וואס וועט וואגען אריינצורייסען זיך אינוויינינג. די פעלאכען, אבער, האבען ניט קוקענדיג אויף דעם, ארומגערינגעלט דאס הויז, בעוואפענטע מיט שווערדען און ביקסען, און האבען גענומען ברעכען די טיר פון דעם באלקאן. דא איז געקומען דער צופאל צו הילף און האט אויף א וואונדערבארען אופן געראטעוועט דאס לעבען פון יונגען קאלאניסט. בשעת צעהנדליגער מעניטען האבען זיך צוזאמענגעשפארט אויף דער וועראנדע, האט זי נייטט אויסגעהאלטען און צוזאמענגעבראכען. די אראבער זענען אלע ארונטערגעפאלען. דערווייל זענען צוגעקומען די גדרה'ר קאלאניסטען, און אויך פון אנדערע קאלאניעס האט מען דערהערט, און מען איז געקומען צו הילף. די אראבער האבען זיך געמוזט צוריקציהען.

אז דער קלאנג וועגען דעם אינצידענט אין גדרה האט דערגרייכט מקוה, איז בערעל (און מיט איהם — צוויי פון זיינע חברים) געוועזען, נאטירליך, דער ערשטער צו לויפען צו הילף קיין גדרה. עס איז שוין געווען גאר פינסטער, אבער די יונגע חברים האבען קיין מינוט ניט געווארט. און כאטש זיי האבען נישט בעקומען קיין אורלויב פון דער אדמיניסטראציע פון דער שולע, האבען זיי זיך געלאזען אין דער פינסטערניש פון דער נאכט אין וועג אריין. אין גדרה זיינען זיי געקומען שוין לאחר המעשה. דערפאר אבער אומקעהרענדיג זיך צוריק האבען זיי בעקומען די מעלדונג, אז זיי זענען פון דער שולע ענטזאגט, ווייל זיי האבען עובר געווען אויף דער דיסציפלין, פערלאזענדיג די פארם ביינאכט אהן ערלויבעניש.

אזוי האט זיך אבגעהאקט בערעל'ס שול־פעריאד אין ארץ־ישראל. בערעל האט אויפגעהערט צו זיין א תלמיד, און איז געווארען א געוועהנליכער קאלאניע־ארבייטער, מיט אלע ארבייטער גלייך.

* * *

דאס לעצטע מאל האב איך איהם געזעהן פסח־צייט, אין יאהר ה'תרס"ט, אין טבריה'ר האספיטאל. א פערוואונדעטער פון א צוזאמענשטויס מיט אראבער איז בערעל געלעגען אויף דער וועראנדע אין זיין קראנקען־בעט, איינגעוויקעלט אין א ווייסען ליילעך מיט אן אייז־בלאזער אויפ'ן קאפ. איך האב זיך איינגעקוקט אין זיין געזיכט: איז דאס ווירקליך דער לעבענס־לוסטיגער ריהרעווודיגער בערעל, איז ד א ס דער פנים, וואס האט אויסגעדריקט תמיד ענערגיע און שרעקלאזיגקייט? יעצט איז

זיין געזיכט געווארען אויסגעדארט, בעדעקט מיט טויט־בלאסקייט, זיינע אויגען פערמאכט אויף העלפט, און זיין גאנצער אויסזעהן איז געווען ווי פון א מת. נאר דער שווערער אטעם האט עדות געזאגט אז ער לעבט נאך. אזוי בין איך געשטאנען אייניגע מינוטען. פלוצלונג האבען זיך זיינע וויעס לאנגזאם אויפגעהויבען, א פונק פון בעוואוסטזיין האט אין די אויגען א בליץ געטון: ער האט מיך דערקענט. עטליכע סעקונדען האט ער זיך איינגעקוקט גלייך אין מיר. שטילערהייט האט ער מיך אנגערופען, זיינע ליפען האבען זיך בעוועגט, אבער זיין שטימע האט זיך ניט געהערט. איך האב זיך איינגעבויגען הערען זיינע ווערטער: אומזיסט: אפילו שעפטשען איז איהם שווער געווען. ער האט ווידער זיינע אויגען פערמאכט און ווידער עטליכע מינוט אהן בעוועגונג געבליבען. דאן האט ער זיך אנגעשטרענגט זיך אויפצוהויבען אויף זיין געלעגער און מיר איינצעלנע ווערטער איינגערוימט. דאס מאל האב איך שוין געהערט. אבער אומזיסט האב איך געווארט; דאס וואס ער האט געוואלט זאגען האט ער ניט געענדיגט. זיין קאפ האט זיך אראפגערוקט און ער האט דעם בעוואוסטזיין ווידער פערלארען. א שארפער וועהטאג האט ווי א שניט געטון אין הארצען. אין דעם מאמענט האב איך דערפיהלט, אז מעהר וועל איך בערלען ניט זעהן, און אז דאס זיינען געווען זיינע לעצטע ווערטער צו מיר.

אין צוויי טעג ארום איז בערלע געשטארבען.





חבר יעקב פלאטקין

פון פאלטאווע, רוסלאנד. עטליכע מאהל פערוואונדעט. געשטארבען אין חיפה, ה׳ כסלו, תרס״ט.




פון דער היים א געשעפטס־מאן — איז ער געקומען ארבייטען די ערד אין ארץ ישראל, שוין אין די עלטערע יאהרען. צוזאמען מיט זיינע צוויי זיהן האט ער א צייט געארבייט אין יהודה ביי פלאנטאנציעס, דערנאך ביי אקערבוי אין גליל, סעדזשערא, וואו ער האט געטרוימט צו ווערען א זעלבסט־שטענדיגער קאלאניסט, ער האט אויך אהין געבראכט פון פאלטאווע זיין גאנצע פאמיליע.

טראץ זיין עלטער האט ער זיך גלייך מיט די יונגע ארבייטער און וועכטער בעטייליגט זעהר ענערגיש און מוטיג אין דער פערטיידיגונג פון דער קאלאניע ביי די אפטע צוזאמענשטויסען און אנפאלען פון די ארומיגע שכנים. עטליכע מאל איז ער אויך פערוואונדעט געווארען — דאס האט איהם אבער ניט אבגעהאלטען פון ווייטער אנטייל צו נעהמען אין דער זעלבסט־שוץ.

פסח תרס״ט, איז ער, געהענדיג מיט נאך א חבר פון סעדזשערא קיין טבריה, שטארק פערוואונדעט געווארען און געמוזט ליעגען אין בעט א לענגערע צייט.

ה׳ כסלו תר״ע איז ער געשטארבען אין האספיטאל אין חיפא, איבערלאזענדיג א גרויסע פאמיליע.



# יעקב פלאטקין

יעקב פלאטקין איז במשך פון פיעלע יאהרען געווען אן אנגעזעהענער סוחר אין דער שטאדט פאלטאווא, אין „מאלאראסיע“, און א פלייסיגער כלל־טוער אין אלע געזעל־שאפטליכע ענינים. עס איז ניט דורכגעגאנגען קיין איין וויכטיגע פאסירונג אין'ם אידישען לעבען אדער אין דער פאלטאווער געמיינדע, אהן דעם אז פלאטקין זאל אין איהר ניט נעהמען אנטייל מיט זיין געלד, מיט זיין מיה. און זיין ארבייט איז שטענדיג פרוכטבאר געווען. אין תלמוד־תורה און אין שפיטאל, אין ציוניזם און אין'ם פעראיין פאר גלייכבערעכטיגונג, אין זעלבסט - שוץ — אומעטום איז פלאטקין געווען בראש. בעזונדערס האט ער זיך אויסגעצייכענט מיט אן ארגאניזאטארישער פעהיגקייט, איינצואורדנען פערוויילונגען, וואס בעצוועקען אגיטאציע פאר וועלכען עס איז גוטען געדאנק. ווען דאס איז נויטיג געווען, האט ער פון קיין רוה ניט געוואוסט, און פלעגט אויך אנדערע צו דער ארבייט אויפוועקען. ווייל גרענצלאז איז געווען זיין ענערגיע. ער האט אויך געקענט די העברעאישע ליטעראטור, האט זי ליעב געהאט און האט גע־זעהען אויך, אז אנדערע זאלען זי ליעב האבען.

און אט דער מאן האט פערלאזען די שטאדט, אין וועלכער ער איז געווען בע־ליעבט און געעהרט, און געלעבט זיך א לעבען פון א פערמעגליכען אידען — און ער איז געקומען אין ארץ־ישראל. זיין צוועק איז געווען צו קאלאניזירען זיך דא. נאר וויסענדיג גוט די לעבענס־בעדינגונגען פון לאנד, האט ער גענומען אויף זיך פריהער צו ווערען א פשוט'ער ארבייטער.

ער האט געוואוסט, אז שווער, זעהר שווער איז דאס לעבען פון אן ארבייטער, און דאך האט ער מיט ליעבע און פרייד זיך גענומען דערצו, האטש ער האט שוין אבגעלעבט דריי און פערציג יאהר א גאנץ אנדער לעבען, אין אנדערע בעדינגונגען.

ער איז געקומען אין רחובות און האט דארט געארבייט אין וויין־קעלער פאר צעהן פיאסטער א טאג: ער איז אבגעקומען מיט א שטיק ברויט מיט גרינס און אן ארבעס־געקעכטס, וואס ער האט זיך אליין אנגעגרייט. זיין העמד פלעגט ער אויך אליין וואשען.

ער האט זיך אבער ארויסגעוויזען פעהיג צוצופאסען זיך צום לעבען פון די ארימע פאלקס־מאסען, בענוגענען זיך מיט א קליינעם פערדיענסט, און אנגענעהם מאכען דאס לעבען אויף וויפיעל עס איז מעגליך, דורך דעם וואס ער האט געקאנט אלע ארבייטען, פון מענער ווי פון פרויען.

פון רחובות איז ער אוועק אין גליל און איז געקומען קיין סעדזשערע. דארט האט ער געארבייט אלס ארבייטער ביי דער אדמיניסטראציע פון יק"א און האט זיך ניט אבגעזאגט פון דער שווערסטער ארבייט.

און ווען די קאלאניעס האבן גערארפט שוין, איז פלאטקין ווידער געגאנגען בראש פון דער יוגענד. ווען מ'האט גערארפט צום ערשטען מאל ארויסגעהן אקערן דעם באדען פון אום־איל־דזשעבעל, איז אויך פלאטקין געגאנגען צווישען אנדערע ארבייטער און די אראבער האבען איהם שטארק פערוואונדעט. אז ער האט זיך פון די וואונדען שוין אויסגעהיילט, זענען ווידער אויף איהם די אראבער אנגעפאלען און לאנג איז ער געלעגען קראנק. און ווען מ'האט דערהערט ביי נאכט, אז אראבער פאלען אן אויף דער קאלאניע, האט מען געזעהען פלאטקין'ען, ווי ער שטעהט, זיינע וואונדען פערבאנדאזשירט, און האלט א ביקס אין דער האנד.

ער האט זיך אויסגעהיילט און האט גערעכענט זיך בעזעצען אין דער קאלאניע אלס קאלאניסט. די אדמיניסטראציע האט איהם דערין גוטע האפנונגען געגעבען. אבער נאכדעם האט זי איהם ניט געפונען פאר פאסיג דערצו (ווייל ער איז שוין אלט). איהם האט די זאך זעהר־זעהר פערדראסען, און אין די לעצטע פאר חדשים פלעגט ער ארומגעהן אזוי פעראומערט : די וואונדען האבען איהם אבגעשוואכט, און דא האט ער נאך דערזעהן, אז זיין האפנונג צו קאלאניזירען זיך ווערט צו נישט.

אבער אט איז ה' כסלו געקומען די ידיעה, אז די ארמיניסטראציע האט איהם בעשטימט צו קאלאניזירען. נאר די בשורה האט זיך אביסעל פערשפעטיגט... אין יענעם טאג איז פלאטקין געשטארבען.

מיט זיינע גוטע פעהיגקייטען האט פלאטקין געקענט אויך אין ארץ־ישראל לעבען א גוטען און רוהיגען לעבען. ער איז געווען אן אויסגעצייכענטער בוכהאלטער, אן אד־מיניסטראטאר. וואס ס'איז זעלטען געווען צו געפינען. ער האט אבער געוואלט די אויפלעבונג פון זיין פאלק, און אויפלעבען קען א פאלק ניט אנדערש, ווי נאר דורך א ר ב י י ט. און צוליעב דעם האט פלאטקין זיין לעבען מקריב געווען.

א. ב. ראבינאוויטש

יזכּור

# יעקב פלאָטקין

(זכרונות)

עס איז געווען אין אבענד אין א שוהל, אין איינער פון די דרום־שטעדט, און די צייט — א העלדענצייט, די טעג פון רעוואלוציע, פאגראמען און זעלבסטשוץ.

די שוהל איז פול מיט יונגע בחורים און מיידלאך. זעלטען וואו עס זעהט זיך א איד מיט א בארד. ביי דער טיר פון פאליש שטעהט א פאטרול: צוויי הויך־געוואקסענע בחורים היטען דעם אריינגאנג. אין זייערע בליקען שיינט אן ערנסט און דער אויסדרוק פון דער וויכטיגקייט פון זייער אויפגאבע.

פון צייט צו צייט עפענט זיך אויף די טיר, און דער פיקעט לאזט אריין איינציגווייז נייע מענשען. די אנגעקומענע געהען שטיל: מען דארף זיין בעזונדערס פארזיכטיג, ווייל די שטאדט איז אין קריעגס־צושטאנד, און די קאזאקען, וואס רייטען ארום איבער די גאסען, ערפילען טריי זייער פליכט און גיבען אכטונג, די „ארדנונג" זאל ניט געשטערט ווערען.

א קליין לעמפעל פערשפרייט א טונקעלען ליכט איז'ם בית המדרש. עטליכע יונגע לייט רינגלען ארום שורות־וויז די בימה — דאס זיינען די „צעהנדלינגער" פון זעלבסטשוץ. דער איבעריגער עולם שטעהט ארום זיי און הערט שטיל צו די רעדעס.

מיט א שטילען קול האבען די רעדנער גערעדט וועגען דער סכנה, וועגען די מיטלען צו פערמיידען דעם אומגליק, וועגען זעלבסטשוץ. די פערזאמעלטע האבען אויפמערקזאם צוגעהערט. צייטענווייז האבען זיך געטראגען פון גאס הילכיגע קלאנגען פון פערשיעדענע קאפיטעס — דאס זיינען דעם קיסר'ם רייטער, וואס לויערן איבער די גאסען — דאן פלעגען זיך אויף א ווײלע די רעדנער אבשטעלען; א זארג פלעגט זיך בעווייזען אויף אלע געזיכטער, און אויפגעוואכט האבען זיך די חברים פון זעלבסטשוץ, ווי מענשען, וואר גרייטען זיך צו אן אטאקע.

א שווערער וואלקען האט געשוועבט איבער אלעמען.

פלוצלונג — און א מאן פון א יאהר פערציג האט זיך דורכגעלעגט א וועג צווישען די חברים פון זעלבסטשוץ און איז ארויף אויף'ן בימה. פערוואונדערט זיינען געבליבען די יונגע, דערזעהענדיג דעם גוט בעקאנטען „בירגערליכען ציוניסט", יעקב פלאטקין!

די שטימע פון'ם רעדנער איז הייזעריג. זיין רוסיש — א פערגרייזטער. אבער דאס פנים זיינס — פלאם, און די אויגען — פייער.

— איך בין שטענדיג געווען געגען אונזער אנטייל־נעהמען אין דער רוסישער רעוואלוציע — האט ער אנגעהויבען — אבער איין זאך האט איך אין אייך שטענדיג

רעספעקטירט, מיינע יונגע חברים: אייערע מעשים זיינען ניט סותר אייערע רייד. האָב איך אייך דערפאַר מקנא געווען, און איך פלעג מיר תמיד טראַכטען: ווען וועט שוין קומען דער טאָג, ווען אויך איך וועל קענען אַרויסווייזען מיין איבערגעבענהייט צו מיין פאָלק! און איצט, ווען מיר האַלטען דערביי — וועל איך בלייבען שטעהן פון דערווייטען? ביי אַלין, וואָס איז מיר הייליג, ביי מיין לעבען שווער איך — מיר וועלען אַלע ווי איינער שטאַרבען אויף'ן שלאַכטפעלד: מיר וועלען זיך ניט לאָזען פיהרען ווי שאָף צו דער שחיטה, און ווען דער טייוועל וועט אָנפאַלען אויף אונזערע ברידער, וועלען מיר ניט שטעהן פון דערווייטענס...

און דער רעדנער האָט אויפגעהויבען זיין רעכטע האַנד. אַ הייליגער ציטער האָט דורכגענומען דעם עולם. פערגעסען די גרויסע געפאַהר, דעם קריעגס־צושטאַנד, און פון אַלעמענס הערצער האָט זיך אַרויסגעריסען:

— מיר שווערען! מיר שווערען!

* * *

צוויי יאָהר זענען פאַריבער.

אַ זומער אינדערפריה אין איינער פון די קאָלאָניעס אין יהודה. עס האָט אַ קלונג געטון דער גלאָק — די צייט פון פריהשטיק איז געקומען. נעבען דער קאָלאָניע האָבען זיך בעוויזען עטליכע אַרבייטער, וואָס איילען זיך צו „כאַפּען אַ ביס“.

איך האָב געפרעגט, וואו וואוינט דאָ מיין פריינד. מ'האָט מיר אָנגעוויזען אויף אַ קליינעם חדר'ל. די טיר איז געווען פערמאַכט, אָבער ניט פערשלאָסען. באַלד וועט ע ר קומען מיט זיינע צוויי זיהן עסען פריהשטיק.

איך בין אַריין: צוויי־דריי הילצערנע גאַזע־קעסטלעך. אויף'ן פּאָליצע אין אַ ווינקעל שטעהט אַ קליינע ספּירט־מאַשינקע, און נעבען איהר פערשיעדענע געשיר. אַ טיש, אַ פּאָר בעטען פון האָלץ־קעסטלעך, אַלין ווי ביי די קאָלאָניע־אַרבייטער.

אין אַ מינוט אַרום זענען זיי געקומען: ער און זיינע צוויי זיהן. ער איז זעהר פערעלטערט געוואָרען: דאָ און דאָרט האָבען זיך שוין בעוויזען גרויע האָר: זיין פּנים איז געווען מיער, אָבער אַ בעזונדער יוגענד־גייסט שוועבט אויף איהם. נאָך די בעגריסונגען האָבען מיר אָנגעהויבען צו שמועסען.

— צי בין איך צופריעדען? ווי קען דאָס גאָר אַנדערש זיין? יאָ, איך בין צופרידען, וואָס איך האָב „פערווירקליכט“ מיין פּראָגראַם: איך אַרבייט, איך און מיינע צוויי זיהן. איינעם האָב איך אַרויסגענומען פון אַ שלאָסעריי־שולע און דעם אַנדערן — פון „עקסטערנעריי“. איצט אַרבייטען מיר אַלע. פריהער האָב איך וועניגער פּערדיענט — איך האָב געאַרבייט אין ווייגגערטנער; אָבער איצט האָב איך אַ שטענדיגען פּאָסטען אין ווייןקעלער אויף דער צייט פון „וואַנדראַזש“. מיינע זיהן אַרבייטען אין באַיאַרעס. וואָס קלאָר איז צו טון? איך וויל געהן אין גליל — די אַרבייט ביי די פּלאַנטאַציעס בעפרידיגט מיך ניט... אַ קאָלאָניסט וויל איך זיין, אַ פּראָסטער פּעלאַך.

איך און מיינע זיהן. ניט אזוי, בחורים? אין גיכען וועל איך אריבערברענגען אהער מיין ווייב און מיין טאכטער מיט די איבעריגע קליינוואַרג. איך דאַרף נאָר ליקווידירען מיינע געשעפטען וואָס זענען דאָרט געבליבען...

און ער האָט אנגעהויבען מאָהלען פאַר מיר זיינע האָפנונגען און חלומות.

פאַרנאַכט האָב איך איהם בעזוכט אין וויין־קעלער. מיר זענען געזעסען איינ־איינעם און דערמאָנט זיך אַמאָליגע יאָהרען, יאָהרען פון זעלבסטשוץ און רעוואָלוציע, די טיפע יסורים און בעגייסטערטע מאָמענטען וואָס זענען געווען און פאַריבער... פון דער פערגאַנגענהייט זענען מיר אריבער צו דער צוקונפט. און מיין פריינד האָט מיר ווייטער געמאָהלען דאָס בילד פון זיין קומענדען לעבען, ווען ס'וועט צו איהם קומען זיין גאַנצע פאַמיליע און ער וועט זיך איינאָרדנען אַלס אַ קאָלאָניסט אַליין פאַר זיך, דאָרט, אין'ם געבענשטען גליל...

די ארץ־ישראל זון האָט געשיקט צו אונז איהרע אָבשיעדס־שטראַהלען און בע־לויכטען דאָס געזיכט פון מיין פריינד, וואָס טרוימט אויף'ן וואַהר: אין זיינע אויגען האָט זיך אַ יוגענד־פייערל אַנגעצונדען און זיין קול ווערט אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער.

איך האָב איהם געפרעגט, צי איז דאָס ריכטיג וואָס מ'זאָגט, אַז ער האָט געלד־מיטלען גענוג צו קאָלאָניזירען זיך. נאָר ער האָט זיך צולאַכט, און פערקאַשערנדיג דעם אַרבעל פון זיין מיט סאַזשע פערשמוצטען אָרעם, האָט ער אָנגעוויזען אויף זיינע צוויי זיהן, וואָס האָבען זיך פון דערוויטענס אומגעדרעהט איבער'ן הויף פון ווינקעלער.

— אָט דאָס איז מיין גאַנצער פערמעגען!

* * *

אין אַ האַלב יאָהר אַרום.

פאַרנאַכט, אַ טאָג פאַר פסח, בין איך געקומען אין אַ פאַרם אין גליל.

מיין פריינד האָט געאַרבייט אין יענער פאַרם. זיין וואוינונג איז געווען נאָהענט צום גרויסען הויף פון'ם „חאַן". ווען איך בין צוגעגאַנגען צו זיין דירה, איז מיר אַרויס אַנטקעגען זיין ווייב. שווער איז געווען זי צו דערקענען: זי איז אַראָב פון פנים, איהרע אויגען זענען געווען רויטלעך. ביי די הענט האָט זי געפיהרט אַ קליינע מיידעלע. די פרוי האָט מיך פערבעטען אין שטוב אַריין.

— ערשט אַ וואָך אַז איך בין אַראָב פון שיף. מאָרגען איז שוין יום־טוב, און איך האָב נאָך גאָרנישט אַנגעגרייט, און די דירה...

איך האָב בעטראַכט דאָס צימער: קליין און ענג, גיט אַ קעהר צו טון זיך. אויף דער נאַסער פּאָדלאָגע זענען אין אַ מיש־מאַש צוואָרפען פערשיעדענע געפעס. איך בין, ווייזט אויס, געקומען אין רעכטען מיטען פון די הכנות צום יום־טוב. אַ יונגע מיידעל האָט אויפגערוימט דאָס הויז, געוואַשען די געפעס. זי האָט מיך דערקענט און

זיך אביסעל פערשעמט, וואס איך האב זי געטראפען ביי דער ארבייט. א סך צו ריידען איז געווען איבעריג. דער פנים פון דער פרוי האט שוין אלין דערצעהלט. איהרע צוויי זיהן, וואס זי האט אויפגעכאוועט — ווא סאיז געווארען פון זיי! וויפיעל זי האט עס געהארעוועט, וויפיעל צער איבערגעלעבט צוליעב זיי און וויפיעל האפנונגען האט זי געלייגט אויף זיי. קינדער געבענשט מיט טאלאנט זיינען זיי, בעזונדערס דער עלטערער... איצט איז טונקעל געווארען זיין פנים און פערברענט... זי האט געהאפט צו מאכען פון זיי לייט, אויב ניט דאקטוירים, וועלען זיי לכל הפחות ענדיגען די גימנאזיע. איצט, לויט'ן ווילען פון זייער פאטער, זענען זיי געווארען איינפאכע פויערים, און די טאכטער! צי דען האט זי פערבראכט יאהרען אין דער נימנאזיע, כדי דא צו ווערען א פויערטע? היינט „ער“ אליין: וואו איז דאס געהערט געווארען, א מענש זאל גאר פלוצים געווארען אויף די עלטערע יאהרע א „פעלאך“... דער מענש רעכענט זיך ניט מיט זיין פאמיליע, ער האט אויף זיך אליין קיין רחמנות ניט — האט זי ווייטער געזאגט מיט טרעהרען אין די אויגען — מסתמא האט איהר געהערט וועגען די וואונדען, וואס ער האט געקריגען פון די אראבער אויף'ן וועג... ער איז נאך איצט אויך ניט אינגאנצען געזונד, חאטש ער פערבעהאלט דאס פון אלעמען, אפילו פון מיר...

טרעהרען האבען זיך איהר געשטעלט אין די אויגען, שווער איז איהר געווען איינצוהאלטען אין זיך דעם געוויין...

„ער“ איז אריין. ער האט זיך אביסעל פערענדערט פון דער צייט, וואס איך האב איהם צום לעצטען מאל געזעהן. זיין פנים איז פערברענט געווארען פון דער זון, זיינע האר זיינען גרויער געווארען. א פריהצייטינער עלטער איז געלעגען אויף איהם. אבער דאס פייערל פון זיינע אויגען האט זיך ניט אויסגעלאשען. זיין בליק איז געבליבען לוסטיג און פריש.

— האסטו שוין געזעהן מיין פאמיליע? ביי אונז איז נאך א גרויסער מישמאש, אן אונארדנונג, און דא קומט אן דער יום־טוב. מיר האבען נאך קיין שטענדיגע דירה ניט: מיט גרויס מיה האב איך דערווייל דעם קליינעם צימער געפונען. אלע ארבייטער וואוינען אין הויף, פינף־זעקס אין א צימער, און איך בין אויך מיט זיי די גאנצע צייט געזעסען. איצט האב איך צוליעב דער פאמיליע ווי עס איז געקריגען דעם חדר, אבער עסען וועלען מיר יום־טוב אינאיינעם, אין דער אלגעמיינער קיך, דארט וועלען מיר אבריכטען דעם סדר, אלע אינאיינעם.

פון זיינע רייד האט זיך געטראגען אן אינערע פרייד, א בטחון, אהן א שאטען פון יאוש און פערצווייפלונג.

— קום, מיין טאכטער, און גיס מיר אויף!

ער האט אבגעוואשען זיין פנים, מיט די הענד.

מיט א בעזונדערער פרייד האט מיר מיין פריינד דערצעהלט, אז זיינע האפנונגען וועגען קאלאניזירען־זיך זיינען שוין נאהענט צו דער פערווירקליכונג, ער האט

שוין אפילו א ווארט פון דער אדמיניסטראציע, אז אין גיכן וועט מען איהם געבען א „קאלאניזאציע“, און מיט אונגעדולד ווארט ער שוין אויף יענעם טאג...

די פרוי און די טאכטער האבען זיך אויפמערקזאם צוגעהערט צו זיינע רייד. די פרוי האט זיך בערוהיגט אביסעל, אבער דער אונצוטרוי האט זי נאך אלץ ניט פערלאזען.

— וויסטו — האט זיך פלוצלונג מיין פריינד מיט בענייסטערונג געווענדעט צו מיר — היינטינער טאג איז געווען דער גליקליכסטער אין מיין לעבען. שטעל זיך פאר: איך האב געאקערט מיט א פאר אקסען, איך און מיינע צוויי זיהן געבען מיר... מיר האבען געארבייט, זאג איך דיר, ווי אמת׳ע קאלאניסטען. פלוצלונג — און אט די טאכטער מיינע איז געקומען פון דערווייטען, און אין האנד האלט זי דעם פריהשטאק פאר אונז... מיר האבען אבגעשטעלט די ארבייט, און אזוי זענען מיר געשטאנען ביי די אקסען מיט׳ן אקעראייזען: דריי אידישע פעלאכען מיט א פעלאכקע...

ער האט ליעבליך א גלעט געטון זיין טאכטער איבער׳ן קאפ און אין זיינע אויגען האבען זיך אנגעצונדען פונקען פון אמת׳ער פרייד:

— דער גליקליכסטער טאג פון מיין לעבען — פון איהם האט איך דאך געטרוימט די גאנצע יאהרען מיינע!

* * *

א שווידער־נאכט איז געווען די פסח־נאכט. גאר פלוצלונג, פארנאכט, איז צו־שטערט געווארען דער יום־טוב. מיר האבען געווארט אויף א אנפאל פון די שכנים. אלע ארבייטער זענען ארומגעגאנגען גרופענווייז אין הויף ביים טויער און האבען זיך געשושקעט. די וועכטער, די רייטער ווי די פוסגעהער, זיינען געשטאנען אויף זייער וואך, די רעוואלווערען און די ביקסען גרייט. אז דעם סדר האט מען איינגאנצען פערגעסען.

א שווערער־שווערער וואלקען האט זיך געטראגען אין דער לופט און האט גע־דריקט אויף די הערצער. און א געפיהל פון פערביטערונג געגען דאס אונבעוואוסטע האט געהערשט איבעראל.

— רבותי — האט א בעקאנטע שטים מיט אמאל איבערגעריסען די שטילקייט — פארוואס געהט איהר ארום ווי אבלים, דער יום־טוב קומט דאך שוין אן, און וואס וועט זיין מיט אונזער „סדר“?

און זיינע איינפאכע ווערטער האבען געמאכט א שטארקען איינדרוק. א שארך איז דורך דעם עולם, אלע האבען זיך ווי פערשעמט פאר זייער שוואכקייט.

מיין פריינד איז אריין אין דער קיך, וואו דער „סדר“ דארף זיין. נאך איהם זיינען געקומען איייניגע ארבייטער. מ׳האט אנגעהויבען בעפוצען די ווענט מיט צוויי־גען און מיט בלומען, איינשטעלען די טישען, ליכט אנצינדען. מיין פריינד איז געווען

דער הויפט ארדנער. פלינק און געשיקט האט ער געטון זיין ארבייט. א פאר מינוט — און דאס בעקאנטע פאלקס־ליעדעל האט זיך געטראגען פון דארט:

„יה חי לי לי יה עמלי!“

די ארבייטער האבען זיך אנגעהויבען צוזאמענקלייבען אין קיך און אויף העלפען יום־טוב מאכען. אין שטוב איז געווארען ליכטיג, ס'איז לעבעדיגער געווארען און דאס ליעד ווערט אלץ שטארקער און הילכיג.

און די שטים פון מיין פריינד קלינגט אלץ שטארקער און שטארקער:

— יה חי לי לי יה עמלי!...

דער שווערער וואלקען האט זיך ביסלעכווייז צושפרייט...





חבר אברהם יוסף באראל

פון ראוונע. געפאלען אויף דער וואך ביינאכט כ״ד אייר, תר״ע, אין סערזשערא.




אברהם יוסף באראל איז געוועזן אן איינציגער זוהן ביי זיין מוטער, וועלכע האט אויף איהם געלעגט איהרע גאנצע האפנונגען. יונגערהייד האט ער שוין בעקומען סמיכה אויף רבנות און מען האט געהאלטען, אז פון איהם וועט ארויס א גאון.

אין איין פריהמארגען האט ער אבער איבערראשט זיין מוטער און זיין גאנצע שטאדט מיט זיין בעשלוס צו פאהרען קיין ארץ ישראל און דארטען צו ארבייטען.

ער איז געווארען אן ארבייטער אין גדרה. פאר א קורצער צייט האט ער געוואונען די ליעבע און אנערקענונג פון זיינע חברים. וואו ער פלעגט ניט קומען, פלעגט ער אריינברענגען מיט זיך א נייעם שטראם פון לעבען.

ער האט זיך געקויפט א שטיקעל באדען אין חדרה און האט געטרוימט אראפברענגען אהער זיין מוטער און זיינע שוועסטער, פערפלאנצען זיך א גארטען מיט מאנדלען, אראנזשען און בלומען.

דערווייל איז ער אבער אוועק אין גליל און גענומען זיך צו דער וואך. דא, אין גליל, איז ער אויך אזוי שנעל בעליבט געווארען ביי זיינע נייע חברים, ווי אין חדרה. פיער חדשים איז ער געוועזן וועכטער אין סעדזשערע, וואו מען האט איהם געמאלדען פון דעם ועד (קאמיטע) פון השומר, אז ער איז אריבערגעפיהרט פון סעדזשערען קיין יעמא. די לעצטע נאכט האט מען איהם פארגעלייגט אויסרוהען זיך, ער זאל קאנען אויף מארגען אריבערגעהן אויף זיין נייעם פאסטען. באראל האט זיך אבער ניט געלעגט שלאפען.

— „כ'וועל געבען א באקשיש (א מתנה) סעדזשערע נאך א נאכט" — האט ער געזאגט מיט א שמייכעל.

ביז האלבע נאכט איז ער געוועזן אויסערגעוועהנליך פרעהליך און געטאנצט מיט זיינע חברים. דערנאך איז ער צוזאמען מיט זיי ארויס אויף דער וואך. עס איז געוועזן א פינסטערע נאכט. דער הימעל איז געוועזן בעדעקט מיט שווערע וואלקענס און א שטורם־ווינד האט געבושעוועט. די וועכטער זיינען געוועזן אויף זייערע פאזיציעס. געבען די קאליפטוס־בוימער. אין א אנדערהאלבען שעה ארום האט זיך דערהערט עפעס א שארף צווישען די בוימער. דער ערשטער איז באלד צוגעלאפען באראל. עס האט איהם געטראפען א קויל, און ער איז געפאלען טויט.

# א חבר׳ישע טרעהר

צוויי מאהל האב איך איהם אין מיין לעבען געזעהן, און דאס דריטע מאהל — —

א שטיל חנ׳עוודיג אינגעל מיט שווארץ פינקעלדיגע אויגעלעך, פון אונטערן קליין חסידיש היטעלע האבען געקרייזעלטע האר און פאה׳ליך ארויסגעקוקט. קורצע הויזעלעך מיט א לאנג קארטען קאפאטקע — אזוי האט אויסגעזעהן אברהם יוסף באראל, אדער דער ראוונער, ווי מ׳ האט איהם גערופען, ווען ער איז קיין זוואהיל געקומען, תורה לערנען.

אין גאנצען צוועלף יאהר אלט, אבער זיין יונג הערצעל איז שוין דאן אונרוהיג געווען. האט מען אין דער ישיבה א חברה „מלביש ערומים" געגרינדעט, די ארימע ישיבה בחורים צו בעקליידען, איז ער דער כל ולך געווען. האט א בחור׳ל קיין מיטאג ניט געהאט —— איז ער, דער ראוונער, שוין ארומגעלאפען פון טיש צו טיש און פרוטות געזאמעלט פאר דעם הונגעריגען.

פרום איז ער געווען אויסערגעוועהנליך געדראווענט פון א קליין ווארשעווער סידור׳ל וואָרט אין ווארט. דאס גארטעלע ארום די לענדען שטייף פערצויגען. אפט זעהר אפט אין וואסער געגאנגען. ווער שמועסט, אז שבת איז געקומען, איז ער כולו קודש געווען. נאך „כעלות" אין וואסער געגאנגען, תהלים געזאגט. דעם גאנצען טאג די פאטשיילע ארום האלז ארומגעבונדען און קיין דברי חול ניט גערעדט.

אבער אפילו דאן איז ער קיין יושב אהל ניט געווען, זיין יונגע נשמה האט צום גאס און נאטור געצויגען. פלעגט ער אין די אווענדען ביי די ברעגען פון טייך שפאצירען, אדער גלאט זיצען אויף די שטיינער נעבען דער ישיבה און קוקען אויף דעם לויטערען פריהלינגס הימעל. זיינען נאך די ספירה־טעג פאריבער, האט דער ראוונער אפגעהיט דעם באָרדען זיך ווי דאס דאווגען און קריאת־שמע. א שווימער איז ער אז אויסגעצייכענטער געווען.

* * *

יאהרען לאנג האבען מיר זיך ניט געזעהן. איך בין פערוואָרפען געוואָרען ערגיץ אין איינע פון די דרום גובערניעס, און ער, אברהם יאסעל, נאך אלץ אין די וואלינער זומפען. די שטורעם טעג געקומען, ביידע האבען מיר אין בעוועגונג געארבייט, ער דא, איך דארטען — אבער כמעט ניט ווי געהערט איינער פון צווייטען.

האבען מיר אבער איין מזל געהאט. האבען ביידע אונזערע בעליעבטע וועגען פערלאזען געמוזט... די אומשטענדען האבען געטריבען — דאן האב איך זיך מיט איהם בעגעגענט אין א גרויסער וואלינער שטאדט. איך בין שוין דאן א משמש בקודש געווען, ער זיך געשניטען אויף דעם, נאך א טאג, נאך א טאג און ער וועט אויך „ממלא מקום אביו" זיין.

ער האט מיר איינגערעדן געוואלט, אז ער איז צופרידען. די אפיקורסישע יאהרען זיינען שוין לאנג פאריבער. ער איז דאך שוין עפעס א פראקטישער מענש, ער איז דאך מפרנס א גאנצע פאמיליע... ווען מיר האבען אבער ווענען ארץ ישראל, ווע־גען א אידישער צוקונפט גערעדט, האב איך געזעהן אז ער האט מיך נארען געוואלט. ניין, ער איז ניט צופרידען. אין הארצען נאגט א ווארעם...

„ווייסטו וואס — האט ער מיר אמאל געזאגט — איך מוז אהין פאהרען. דו ווייסט דאך — איך בין אן אלגעמיינער ציוניסט געווען און בין דאס אויך איצט, איך קען שוין אנדערש ניט זיין. נו, און א ציוניסט מוז מיט זיינע הענט דעם פאלקס בנין בויען... מען טאר ניט שטעהען פון ווייטענס ווען עס ווערט געשאפען פאלקס גע־שיכטע... מיין אלטע שוואכע מוטער וועל איך אהין ברענגען. צוזאמען וועלען מיר לעבען אויף אונזער נחלה אין אונזער אייגענעם לאנד."

באלד האט ער זיך פערטראכט א ווייל און צוגעגעבען: „ניין, מיין מוטער דארט — טויג ניט. ארץ ישראל מוז זיין א לאנד פאר יונגע, ניט פאר אלטע. איך וועל מיין פאמיליע דא אין גלות פערזארגען. איך דארף אליין אהין פאהרען. א סאלדאט קען ניט זארגען פאר א פאמיליע און איך וויל א סאלדאט זיין..."

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

און דאס דריטע מאל?

ווען איך בין אין ארץ ישראל געקומען, האב איך שוין מאך אויף זיין קבר ערגיץ אין גליל געפונען... זיין נאמען איז שוין דאן אין דעם העברעאישען „יזכור" פער־אייביגט געווען. פון א חבר בין איך געוואהר געווארען אז זיין מוטער איז קיין ארץ ישראל געקומען. האלב משוגע לויפט די ראוונער שוחט'קע ארום איבער די גאסען פון יפו און ירושלים, זוכען איהר בן יחיד.

„ער האט דאך געזאגט: ער פאהרט לעבען, ער פאהרט בויען דאס לאנד... ניין, אברהם יאסעל איז ניט געשטארבען..."

ב. אלטשולער.

## חבר מ. מ. שמואלי

(ממש״י)

פון נאסאָווקא, טשערניגאָווער גו־
בערניע, געשטאָרבען ביי דער ארבייט
אין כנרת, כ״ח אייר, תרע״א.




מ. מ. שמואלי, אדער מיט זיין רוסישען נאמען שמואלעוויטש, איז געווען פון די ניט וויינינגע פיאנירען־אינטעליגענטען אין ארץ ישראל, וואס האבען פערביטען די בי־כער און די פעדער אויף דעם אקער־אייזען און פיאַש, און וואס האבען דעם וועג פאר דער אויסלעזונג פון פאלק געזעהען אין דער זעלבסט־ערלעזונג פון יחיד דורך די ארבייט אין ארץ ישראל.

א גוטער פלייסיגער ארבייטער, איז שמואלי געווען גלייכצייטיג אויך אן איבער־געגעבענער און ערנסטער געזעלשאפטליכער טוער. די פערפלאנטערטע פראבלעמען פון אידישען ארבייטער־לעבען אין ארץ ישראל האבען איהם אימער בעשעפטיגט, און זיינע געדאנקען און מיינונגען פלעגט ער פון צייט צו צייט אויסדריקען אין „הפועל־הצעיר“, אונטער דעם פסעוודאנים ממשי. ער איז אויך געווען א טיכטיגער מיטגליעד פון דער ארגאניזאציע „הפועל־הצעיר“ און די אונפארטייאישע לאנדווירטשאפטליכע ארביי־טער פעראיינען.

ניט א פלאטאנישע שטרעבונג צו א וויטען אידעאל, נאר א לעבענס־דיענסט און אן אלטעגליכע פליכט איז פאר איהר געווען דער ציוניזם.

וואס'סארא ווערטה האט אן אידעאל, וואס ווערט ניט פערקערפערט און פערווירק־ליכט אין טאג־טעגליכען לעבען? הייסט דען ניט וועלען ארץ ישראל — ארבייטען אין ארץ ישראל?

ארץ ישראל קען ווערען אידיש, ווען אידישע ארבייט וועט דאס לאנד אויפבויען, אויפלעבען, בעשאפען.

דארף מען דאך ארבייטען אין לאנד, ארבייטען ממש, בידים: אונאויפהער־ליכע, אונערמידליכע מיה, אין דארף און אין שטאדט, מיט'ן אקער און מיט'ן האַ־מער, — דאס איז דער עיקר העיקרים, דער פונדאמענטאלער געבאט פון דעם וואס מ'רופט אידעאל. און דעם געבאט דארף מען ערפילען — מעג ער זיין ווי שווער.

און שמואלי האט דעם געבאט ערפילט געטריי, ביז דער לעצטער מינוט.

ער האט געוואוסט, אז די ארבייט שטעלט אין געפאהר זיין לעבען; ער האט געוואוסט, אז זיין הארץ איז שוואך, אז פון צופיעל פיזישע אנשטרענגונג קען דאס הארץ פלאצען. איז דאך אבער די ארבייט וויכטיגער פאר'ן לעבען, איז דאך די אר־

בייט דער זין, דער טעם, דער בערוף, דער ציעל פון לעבען. און שמואלי איז געווען אויס־געהאלטען.

זעקס יאהר האט ער פערבראכט אין לאנד — און געארבייט. מיט'ן האמער און פייל ביי שטיינ־טעסעריי אין ירושלים, מיט'ן פיאש און שנייד־מעסער אין די כרמים און פרדסים פון יהודה, מיט'ן אקער און קאסע אין די פעלדער פון גליל — וואו מ'האט נאר געדארפט אויסטרעטען א נייעם וועג פאר אידישע ארבייט — דארט איז שמואלי געווען.

שמואלי איז געווען פון די אידישע ארבייטער אין ארץ ישראל וואס ווייסען, אז דער פיאניר דארף זיך פאר קיין שטערונג ניט אבשטעלען — ווייל די שטערונגען זיינען זעהר פיעל, ווייל דער וועג איז א שווערער און ווייל קיין אנדערער וועג איז ניטא.

מוז מען אלץ קענען גובר זיין — אנהויבענדיג פון זיך אליין, פון אלטען גלות־„איך“, און ענדיגענדיג מיט'ן טויט. מ'מוז גרייט זיין טרעפען זיך מיט איהם, מיט'ן טויט, פנים אל פנים און ניט אבשרעקען, און שמואלי האט זיך ניט געשראקען — און האט זיין ארבייט ניט אויפגעגעבען ביז זיין הארץ האט געפלאצט.

* * *

אומקעהרענדיג זיך אין אבענד פון פארם צו זיין וואוינונג אין מאטאר־הויז ביים ברעג פון ירדן איז שמואלי פלוצלונג געשטארבען פון א הארץ־קלאפ. דאס איז גע־ווען אין זעקסטען יאהר פון זיין ארבייטען אין ארץ ישראל. כ"ח אייר תרע"א. בשעת ער האט געארבייט אין כנרת אין א „קבוצת־ירקות“ (אנ'ארטעל צו בעארבייטען גריענסען).





# נאָטיצען

(נאָכ'ן טויט פון א. י. באראל און מ. מ. שמואלי)

אמאָל דוכט זיך: דאָך זיינען פאראַן מדרגות. און מיר שטייגען. — אמאָל...

פריהער איז מען געקומען און געזאָגט: השכלה. ס'איז געווען א גוטער סימן. ארום א לעבען פון מילבען, קליינע מענשעלעך מיט קליינע השגות. א געזעלשאַפט פון מילבען: ווילקאָמיר, די געבורטסשטאָדט פון ליליענבלומען; דער מאַרק, די קלויז, אָדער מעקלעריי און רבנות איז געווען דאָס גאַנצע לעבען אונזערע. אפילו „תורה" איז געווען די בעסטע „סחורה"... א איד האָט געדאַרפט זיצען אין קלויז אָדער אין קראָם. א פערשימעלטע בלאָטע. פון אונטען — דערשלאָגענע, אונוויסענדע בעלי־מלאכות, נעבען זיי קרעמער, מעקלער, פרומאַקעס; און פון אויבען — —גבאים, לומדים, מגידים, משגיחים פון כל־ערליי סאָרטען —— דאָס איז דאָס בילד פון דער אידישער גהעטאָ אין יענער צייט.

די גראָבע זיילען פון דער דאָזיגער זומפּיגער געביידע האָט פערטיידיגט די אידישע מילבען־געזעלשאַפט מיט א טעמפּער אכזריות. די קוואַלען פון „רייכקייט" און פּרנסה זיינען געווען די אָרענדע אויף שענקען און אויף טאַקסע. דער פּרייז פון די „לומדים חתנים" איז געווען זעהר א הויכער און די אידישע טאָכטער האָט אויסגעקוקט אויף'ן „שדכן".

דאָס ליכט פון וויסען, די פרייהייט פונ'ם געפיהל, דער פייער פון גייסט, פאַר די אַלע זאַכען איז דאָך קיין פּלאַץ ניט געווען אין דער אידישער גאַס. אין דרויסען האָט געבושעוועט די פינסטערע הערשאַפט פון ניקאָליי דעם ערשטען און אינווייניג — פערגליווערטקייט און טויט — — — —

זיינען געקומען די משכילים — און א שטיין אריינגעוואָרפען אין דער פערגליווערטער בלאָטע. ארבייט, אפילו ערד־ארבייט האָבען זיי מתיר געווען מן התורה: זיי האָבען אויך מקיל געווען אין דער עברה פון לערנען תנ"ך און דקדוק; זיי האָבען אויך געפּרעדיגט מ'זאָל זיך אויסלערנען די לאַנד־שפּראַך. אגב, האָבען זיי דערמאָהנט, אז פאַרצייטען האָט דוד המלך געליעבט מיכל'ן און דער פּאַסטוך אמנון — תמר'ן: מיט זייערע מליצות געוועקט דאָס געפיהל פאַר שעהנקייט: בעלויכטען דעם תלמוד, גענאַרט נאָך פאַרבעסערונגען, אויסען געווען די טובה פון פאָלק. — —

ס'פערשטעהט זיך, אז פאַר דער דרויסענדיגער וועלט זיינען זיי ביי זיך שטאַרק בטל געוואָרען. און צוריק גערעדט — האָט רען אנדערש געקאָנט זיין? סוף סוף איז דאָך דאָרט אין יענער פרעמדער ווייטער וועלט געווען שוין נאָכ'ן 18־טען יאָהרהונדערט: זיי האָבען א וועלט איינגעלענט. נאַטור־וויסענשאַפט, פילאָזאָפיע, טעכ־

ניקע און פּאָעזיע און די גאַנצע לעבענס פּראַכט... אין דער דרויסענדיגער וועלט האָט געלויכטען שילער, געטע, בייראָן, פּושקין — אַלץ האָבען זיי פערמאָגט. און אינווייניג? „מומיעס“ און „ישיבות“...

„השכלה“! — געוויס. אַ גוטער סימן. די אידישע טבע צוצופּאַסען זיך — די עקזיסטענץ־געהיימניס פון דעם אידישען פאָלק בכלל — האָט אויפגעוועקט די לעצטע לעבענס־כחות. נאָר אַז אַך און וועה צו אונזערע לעבענס־כחות! אָרים, זעהר אָרים. די בעסטע קרעפטען פון דעם מומיען־פאָלק זיינען מאָגער און בעגרענעצט, אָהן טהאַטען און אָהן אַ וויטען האָריזאָנט זיינען געווען די משכילים אונזערע. די בעסטע פון זיי האָבען פערמאָגט נאָר אַ נאַאיווע אידיליע און פּוסטע מליצות. די סענטימענטאַלישקייט און פּוסטקייט פון דער „שעהנער גלאַטער שפּראַך“.

און די ערגסטע? ס'הייסט דאָס רוב פון די משכילים? דאָס זיינען געווען פּחדנים, קאַריערניסטען און גייסטיגע קבצנים. דער רוסישער „טשינאָווניק“ איז געווען אין זייערע אויגען דער סימבאָל פון פאָלקאָמענהייט. „האַדון גובערנער“ האָט געשריעבען מיט דעם ציטער פון אַ מלמד, ווייסט איהר ווער? דער מחבר פון'ם „אהבת ציון“. דער קנעפּעל פון אַ „מונדיר“ איז געווען דער אידעאַל פון דעם משכיל ריב"ל ביז י. ל. גאָרדאָנען. צו וואָס זאָלען מיר פערדיגען צו די אידען? לאָמיר פּרעדיגען צו די ג ו י ם. דאָס איז סוף כל סוף דער אויסדרוק פון'ם משכיל'שען גייסט. דאָס איז משכיל'יש ניט ווענינער ווי דער בעוואוסטער שענדליכער בעפעהל „היה אדם בצאתך ויהודי באהלך“ — „זיי אַ מענש אין גאַס און אַ איד ביי זיך אין שטוב“.

און טעג פון שטורעם און שטרעבונגען זיינען יענע טעג געווען. אַ ביהנען־שטאַק אנשטאַט דעם פריהערדיגען מילבען־נעסט. אַט קומען אָן די אַכציגער יאָהרען, אַט די ערשטע פּאָגראָמען, דער אָנהויב פון דער עמיגראַציע אין אַמעריקאַ. „ניט קיין פאָלק און ניט קיין געמיינדע“ — נאָר אַ צושפּרייטע און פערלאָזענע סטאַדע וואָס צולויפט זיך וואוהין די אויגען טראָגען.

דאַן איז אויפגעשטאַנען אַ נייער דור און האָט אויף זיין פּאָהן אויפגעשריעבען: נאַציאָנאַליזם. אַ קאַמפּף מיט די אַסימילאַטאָרען און מיט דער אַסימילאַציע. „זיי אַ איד אין דער היים און אַ איד אין גאַס“. ניט נעכטען זיינען מיר געבוירען געוואָרען. אַ קולטור־פאָלק זייט דריי טויזענד יאָהר: מיר האָבען אַ גרויסען היס־טאָרישען עבר. אויפ'ן גרונד פון דעם עבר ענטוויקלען מיר ווייטער אונזערע נאַ־ציאָנאַלע ווערטען.

דאָס איז די צווייטע מדרגה. נאָר ווידער די זעלבע צרה. מעהר ווי נאַציאָנאַ־לע טהאַטען און אַ נאַציאָנאַלען פּראָגראַם האָבען יענע נאַציאָנאַליסטען געהאַט סברות, טעאָריעס און פּלענער. מ'האָט אַרויסגעשלעפּט די גאַנצע שווערע אַרטילעריע פון דער וויסענשאַפט אום צו כשר'ן דעם נאַציאָנאַליזם פון איז־יישען פאָלק. אַ פאָלק, ביי וועמען עס פעהלען אַלע אַטריבוטען פון אַ נאַציע. נאָר נ"שט קיין לייב־טע שטיקעל אַרבייט. לומדים האָבען איינע די אַנדערע די קעפּ וועשאַרפט אין

הלכות־נאציאנאליזם און דערוויילע, אין דער צייט וואס מ'האט דעם „הכשר" גע־זוכט, איז דאס פאלק, אונזער פאלק, אליין מעהר צוברעקעלט געווארען, צוקראכע־נער און שוואכער געווארען. אהן א נאציאנאלער קולטור, אהן ארבייט, אהן א באָ־דען אונטער זיינע פיס...

די קרעפטען פון פאלק זיינען אליין אבגעשוואכט געווארען; די קוועלען פון דער גייסטיגער און מאטעריעלער יניקה אויסגעטריקענט; די רדיפות און צרות האבען זיך געמעהרט; די אינערליכע פערדארבענקייט און צופוילטקייט האבען זיך אליין מעהר פערשפרייט; דאס וואסער — איבער'ן האלז...

און ווען ס'האט זיך ארויסגעוויזען אויף דער טעות פון דער מאדערנער נא־ציאנאלער אידעאלאגיע, איז געקומען דער י ח י ד, דער איינצעלנער פון אונזער דור מיט איין פשוט'ען ווארט — א ר ב י י ט.

ניט די פלאכע השכלה און די לעכערליכע סענטימענטאלישקייט פון אונזערע זיידעס: ניט די נאציאנאלע טעאריעס מיט זייערע גייסטיגע בעטגעוואנד פון אונ־זערע פאטערס, נאר אין דער אידישער א ר ב י י ט ליעגט די פערבעסערונג פון אונזער לאגע... די אידישע ווירקליכקייט ערווארטעט ניט קיין איבערקעהרעניש. זי איז נישטיג פאר א רעוואלוציע. מ'מוז אליין פון אנהויב, פון דאס ניי אנ־פאנגען. נאר די עלעמענטארע ארבייט גיט רעכט, שאפט א געגענווארט. אהן קיין שום „היה", „זיי אזוי" אדער „זיי אנדערש". איך, דער אידישער יחיד, בין א מענש אין דערהיים, א מענש אין גאס, ווען כ'בעגעגען דעם פיינד... א מענש דורך מיין מענשליכער ארבייט... איך דארף גארניט ארויסגעהן צו דער וועלט, ווי די משכילים האבען געלערנט, ווייל די גאנצע וועלט איז אין מיר און איך בעשאף עס פון ס'ניי: איך דארף גאר ניט פרעדיגען נאציאנאלען בעוואוסטזיין און אליין מכוון זיין לשם נאציאנאליזם — ווייל מיין טאג־טעגליכער לעבען איז פאקטיש נא־ציאנאל.

איינזאמע, געצעהלטע זיינען די דאזיגע פשוט'ע אידישע יחידים, נאר זיי זייי־נען פאראן. נייע זיינען זיי: נאר א נייער מין ביי אידען...

* * *

פון די געפאלענע וועכטער האב איך איינעם געקאנט פערזענליך — באראל'ן.

דאס איז געווען פאר דריי־יאהרען. מיין ערשטען שבת אין ארץ ישראל האב איך געהאט אין חדרה. ביי דעם ארטינען לעהרער האב איך געטראפען א קליין בינטעל ביכער פאר די קינדער פון דער קאלאניע. ס'איז געווען דאס ערשטע מאל אין מיין לעבען, ווען איך האב געפיהלט, אז ערגעץ וואו אויף דער וועלט איז פאראן א נאטיר־ליכע בעדערפניש אויף אין אונזער ליטעראטור. אז אויף צו איהר נשמה זיינען צו־געבונדען אנדערע נשמות מיט א שטארקען נאטירליכען צובונד. פארנאכט, ווען כ'בין געגאנגען אין די ארבייטער־וואוינונגען, האב איך איהם געטראפען.

ער איז געלעגען א בארועסער אויף איינע פון די בעטלאך און אונטערגעברומט עפעס א ניגון. א הויך־געוויקסיגער, א דינער און גלייכער. אויף זיין קין א קוסטיק פון קליינע טונקעל גרויע האר. די אויגען לויטערע און פרעהליכע, אבגעריסען און אבגעשליסען. די בעוועגונגען פלינקע און איילענדע.

דער געזיכטס אויסדרוק — בעסערע מענשליכקייט.

יא, א בעסערער מענש — כ'האב זיך צו איהם צוגעקוקט פון דער זייט און גע־טראכט — די דאזיגע לייט זיינען שוין מענשען. אונזערע שרעקליכע און גרויסע פגימות, אונזער אונמעשליכקייט: דאס ניט פערשטעהן די נאטור, די ניט־צוגע־בונדענקייט צו איין ארט, די מיאוסע אויפגערעגטקייט, די פלאכע בעציהונג צו יעטוועדער געפיהל־זאך — אלע פעהלערען ווערען אויסגעבעסערט דורך דעם דאזיגען הייפעלע מענשען: אט זיין ליעגען אויף'ן בעט, זיין אברוהען פון דער ארבייט און זיין זינגען — ס'פיהלט זיך ביי איהם אינסטינקטען פון א ווירקליכען און נארמאלען מענש. די איבעריגע שבחים זיינען איבעריג.

נאר שפעטער א ווייලע, ווען כ'האב דערזעהן איהם ביים טיש, מיט וואס פאר אן אפעטיט ער עסט זיין ברויט מיט אליוועז, מיט זיינע שבת'דיגע זמירות און דער שמייכעל וואס שוועבט אויף זיינע ליפען — האב איך זיך שוין ניט געקאנט מעהר איינהאלטען און א פרעג געטון — ווער איז ער, דער יונגערמאן?

האט מען מיר דערצעהלט: ער איז פון וואהלינער גובערניע. זעהר א סימפאַ־טישער בחור. בעליעבט ביי אלע חברים. שוין געווען צוויי יאהר א שוחט אין זיין שטעדטעל... איצט א גוטער פיאניר, האט אויסגעביטען זיין חלף אויף'ן אקער־אייזען. א חבר פון „פועל הצעיר“, דער לעבעדיגער גייסט פון דער גאנצער סביבה...

— געהט, געהט! — האט זיין קול ניט־ווילענדיג איבערגעריסען די ערצעהלונג וועגען איהם: ער האט שוין דיסקוטירט מיט עמיצען — ביי מיר איז דער עיקר: ניט קיין קליינע אידעלעך, ניט קיין מעקלערס, ניט קיין קרעמערלאך. איהר פערשטעהט? די ע ה ר ע  פ ו ן  פ א ל ק! — — — — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אין א קורצער צייט ארום איז באראל געווארען א שומר.

* * *

פון די געפאלענע וועכטער האב איך געקענט נאר באראל'ן: אבער פון די אר־בייטער, וואס זיינען געשטארבען ביי דער ארבייט, האב איך פיעל מעהר געקענט. שמואלי, איינער פון די ארבייטער, וועלכע איך האב נאהענט געקאנט, איז אויך איינגע־לאדען געווארען צו זאגען עטליכע ווערטער אינ'ם „יזכור“ וועגען זיינע חברים וואס זיינען געפאלען. דערוויילע איז ער אליין געפאלען און אויך זיין נאמען שיינט צו זיין צווישען די אומגעקומענע.

שמואלי איז ניט דער'הרג'ט געווארען — זיין הארץ איז צוריסען געווארען. ער

האט ניט געוואלט בעראטען זיך מיט א דאקטאר. טאמער וועט מען איהם נאך פערבאטען צו ארבייטען, אוועקנעהמען ביי איהם דעם ע י ק ר פון זיין לעבען.

וואס הייסט א שטארקער גייסט? דער וואס איז בכח צו שטארקען אויף דעם שוואכען קערפער. דאס איז די פראבע פונ'ם גייסט. שמואלי'ס גייסט האט אויסגעהאלטען די פראבע. דער שוואכער גוף האט געזאגט: כ'בין א גבור, און איז געווען א גבור...

קורץ איז געווען זיין לעבען. דרייסיג יאהר. אבער אליז, וואס דער אידישער געדאנק האט דורכגעמאכט פאר די לעצטע יאהרען, תורה השכלה, חסידות, סאציאליזם — און די לעצטע מדרגה... האבען געפונען אן אבקלאנג אין זיין הארצען.

...חול המועד סכות אויף דער זעקסטער קאנפערענץ פון „הפועל הצעיר", ווען ס'איז אויפגעשוואומען די אייביגע פראגע: וואו זיינען איצט די אלע אידישע ארבייטער וואס זיינען אנגעקומען אהער מיט עטליכע יאהר צוריק? פאר וואס זיינען מיר איצט פערבליעבען אזא קליין הייפעלע מענשען? און פאר וואס עפעס דוקא איצט ווען ס'איז פאראן אזא דרינגליכע באדערפניש אין אידישע ארבייטער זיינען זיי, די ארבייטער, ניטא? וואו זיינען זיי, די בעסטע זיהן פון אונזער פאלק? צי איז נאך ניט פערלארען אונזער לעצטע האפנונג?

דאן איז ער אויפגעשטאנען — א יונגער מאן, געגאלט און אבגעשארען ווי א סאלדאט, א הויכער, מיט בעוועגונגען פון א מענשען, וואס האט זיך א סך צייט אבגעגעבען מיט תורה, דעם קאפ ארומגעבונדען מיט א ווייסען טיכעל, ווי א פלח, און שטאמלענדיג שטיל און פערשעהמט, נאר אויסגעהאלטען קלאר און מיט א פערביסענער עקשנות דערמאהנט זיינע חברים:

— אויב כ'וועל בלויז פינף געפינען... אפילו איין צדיק... וועל איך מוחל זיין דעם גאנצען נעגענד... אזוי האט גאט געזאגט צו אברהם אבינו... מיר דארפען זיך ניט מיאש זיין... יעטוועדער פון אונז וואס טוט זיין ארבייט... ניט אין אונזערע הענד ליגט די גאולה פון פאלק... ס'קאן זיין אז דער יחסן וויל גאר ניט קיין גאולה... אפשר וויל ער יא: נאר ער האט שוין קיין כח ניט... יעטווידער פון אונז ראטעוועט זיך אליין.... יעטווידער וואס פערלאזט די שטאדט... דעם ווינד־און־שטויב לעבען... יעטווידער וואס ארבייט אין ארץ ישראל... יעטווידערנס ארבייט לייזט אונז אויס... שאפט א באדען אונטער אונזערע פיס... פערזיכערט אונזער עקזיסטענץ... כ'מיין... יעדער איד... אינ'ם זכות פון יעדערן...

אפילו איין צדיק. דאס איז נאטירליך זיין אייגענע הוספה. דער חומש פאדערט ניט ווינציגער פון צעהן...

אפילו איין צדיק...

ער איז געווען דער איינער פון די נעצעהלטע. א מענש פון דער טאג־טעגליכער

ווירקליכקייט, וואס קאן און פערשטעהט דאס לעבען און טרוימט איינצואווארצלען זיך אויף דער ערד און טוט אלץ וואס ער איז נאר אימשטאנד צוליעב דעם, און דערביי ריין און עהרליך, ריין, איידעל און שטארק ווי א פעלז. גוט און שטארק — אלץ פון אינוויינינג.

אין דעם פארם „כנרת“ האט דער מענש געארבייט.

* * *

שטערבליכע, צייטווייליגע זיינען מיר, מענשען. מיר לעבען און שטארבען איבער־נעוואלט. פונ׳ם אונבעקאנטען צום אונבעקאנטען. ווי אזוי מיר שטארבען איז קיין אונטערשיעד ניט, אבער ווי אזוי מיר לעבען — הלואי מיר זאלען דערגרייכען צו דער מדרגה, וואס באראל און שמואלי האבען דערגרייכט: יעטווידער פון זיי, לויט זיין שטייגער נאך, איז דערהויבען געווארען דורכ׳ן לעבען. —

און זייערע ביינער, ווי די ביינער פון זייערע איבעריגע ברידער, זיינען פער־בעהאלטען אויף דעם ניט־גרויסען שטיקעל בארען וואס מיר האבען אין גליל. איז דען די ערד פון גליל ניט הייליג?

י. ח. ברענער.





**חבר מרדכי קאצאפ**

פון דרום רוסלאנד. געשטארבען אין צפת, פון א קלאפ פון א פערד בשעת דער ארבייט אין דער פארם כנרת.




אין די גאר ערשטע צייטען פון דער נייער פיאנירען בעוועגונג מיט 11—12 יאהר צוריק איז ער געקומען בעארבייטען די ערד אין ארץ ישראל. פון זיין יוגענד אן איז פאר איהם געשטאנען דאס בילד פון די ערשטע בילו'צעס און האט איהם גערופען און געמאנט. ער האט געוואוסט, אז דאס איז דער איינציגער וועג, אויף וועלכען אנאמת'ער ציוניסט דארף געהען. צוזאמען מיט נאך א פאר חברים האט ער געגרינדעט א פעראיין „ניי־ביל"ו" און דער ערשטער אוועקגעפאהרען אין ארץ ישראל.

צוערשט האט ער געארבייט אין יהודה, אין פתח־תקוה.

דער גרעסטער טייל פון אידישע ארבייטער האבען דאן געארבייט אין די פרדסים, מעהרסטענס פיאש־ארבייט. די גאנצע ארבייט מיט פערד האט זיך געפונען אין אראביישע הענד. עפעס אן אלטער, אפשר אונבעוואוסטזיניגער, פאראורטייל האט אבגעהאלטען די אידישע ארבייטער, וואס זיינען לרוב פריהער גאר קיין ארבייטער ניט געווען, פון „בעל עגלה'שע" ארבייט.

קאצאפ האט זיך געשטעלט א ציעל צו ווערען א אידישער „אראבאדזשי" (בעל עגלה). „אהן דעם — האט ער גע'טענה'ט — וועט די ארבייט ניט זיין קיין אידישע. מיר מוזען אליין טון אלעס — די לייכטע און שווערע ארבייט, די אנגענעהמע און אונאנגענעהמע."

און ער האט זיך פערדונגען אלס מאנאטליכער ארבייטער צו א קאלאניסט צו ארבייטען מיט א פאר פערד. אין יהודה איז דאס דאמאלס געווען א אונגעוועהנליכע זאך.

אין די פלאנטאציאנס קאלאניעס פון יהודה איז אבער מעהרסטע ארבייט אלץ מיט'ן האנד: מיט פיאש, מיט'ן שערעל, מיט'ן שניידמעסער. און קאצאפ איז אוועק אין גליל, אין דער נייער פארם פון נאציאנאל פאנד אויפף'ן ברעג ים כנרת. דארט האט ער געפיהרט שטיינער וואס מ'האט אבגערייניגט פון ׳באדען. און ביי דער ארבייט, וואס איז איהם געווען אזוי טייער — איז איהם בעשערט געווען צו געפינען א פריהצייטיגען טויט.

ביי דער ארבייט האט ער געקראגען א קלאפ פון א פערד און זיין לאגע איז גלייך געווארען געפעהרליך. מ'האט איהם אוועקגעפיהרט אין שפיטאל אין צפת, און דארט איז ער אין א קורצע צייט ארום געשטארבען.



חבר יחזקאל ניסאנאוו

געבוירען אין טעמיר־חאן־שורא, קאווקאז, ה׳ תרמ״ו. א גרינדער פון „השומר״. דערשאסען אויף טויט פון אראבער צווישען סאראנא און בית־גן, כ״ה שבט, תרע״א.




(בלעטלעך פון זיין לעבען)

א.

איך האב איהם נאך געקענט פון מיינע קינדער־יאהרען. איך בין דאן א אינגעל געווען, א זוהן פון אן אשכנז׳ישען אידען אין דער שטאדט טעמיר־חאן־שורא, אין דער פראווינץ דאגעסטאן וואס אין קאווקאז. און ער — חאצקעל קאווקאזער. מיינע חברים, די קינדער פון אשכנז׳ישע אידען, האבען זיך ניט געוואלט חבר׳ן מיט איהם, „דעם ווילדען מענשען“. און ער פלעגט אנקלייבען א חברה אינגלעך פון די טאטערען און די בערג־אידען און מיט אונז מלחמה האלטען. ס׳רוב פלעגען די מלחמות זיין שבת אינ׳ם שפאציר־גארטען. מיר פלעגען זיך אפילו אוועקמאכען פון זיי, אבער דערפאר, ווען ער מיט זיין חיל פלעגט אונז פאקען, פלעגט ער אונז גוט־גוט צו׳מזיק׳ן.

די בערג־אידען זיינען אבגעזונדערט פון די אשכנז׳ישע אידען און קומען מיט זיי כמעט גאר ניט אין בעריהרונג. און דאס האט פערדראסען יחזקאל׳ען. עס האט איהם געצויגען צו יענעם פרעמדען לעבען פון זיינע אשכנז׳ישע ברידער. ענג איז איהם געווען צווישען זייניגע. ווען זיין טאטע האט געלעבט, פלעגט ער ארויסגעהן מיט איהם זוכען פרנסה: אינאיינעם פלעגען זיי גריבער גראבען, האלץ האקען און דערפון פערדיענען זייער ברויט.

זיין מאמע פלעגט געהן ארבייטען אין אשכנז׳ישע הייזער, ביי זיי וועש וואשען. ער האט אויך צוויי ברידער געהאט: איינער איז געווען א פארבער, דער אנדערער — א שניידער־געהילף. האט יחזקאל זעהר מקנא געווען זיין ברודער דעם שניידער. ער פלעגט עסען ביי זיין בעל הבית דעם אשכנזי און דער בעל הבית פלעגט איהם אנטון אשכנז׳ישע מלבושים. און יחזקאל׳ען פלעגט זיך אויך וועלען א בעל־מלאכה ווערען, און אפט פלעגט ער אנטלויפען פון זיין טאטען און פון זיין ארבייט, פערברענגען זיינע טעג ביים שניידער און בעטען זיך ביי איהם, ער זאל איהם די מלאכה אויסלערנען, און גליקליך איז געווען יחזקאל, ווען ער האט זי איהם ענדליך אויסגעלערנט.

יחזקאל האט שוין מעהר ניט צונויפגעקליבען טאטערישע חברה׳ניקעס מלחמה צו האלטען מיט זיינע „פיינד“. א חבר־ברודער איז ער געווארען מיט די שניידער־יונגען, האט זיך פון זיי א פאר אידישע ווערטער אויסגעלערנט — ביז איצט האט ער גארניט נעקענט. ווען ער איז א ביסעל אונטערגעוואקסען, און זיין ברודער צ.

וואס האט זיך דערוויל אויסגעלערנט די ארבייט, האט פערלאזען טעמיר־האן־שורא און איז אריבער אין א גרויסער שטאדט, — האט ער אויך אנגעהויבען פערלאנגען פון זיינע עלטערען, זיי זאלען איהם א פאספארט געבען, ער זאל אין דער וועלט ארויס און ווערען א מענש, ווי זיין ברודער. דאס איז געוועזען דאן א נייע ערשיינונג אין דער פאטריאכאלישער סביבה פון די בערג־אידען, וועלכע זיינען אלע געוועזען סוחרים און נאר איינצעלנע פון זיי האבען זיך בעשעפטיגט מיט בעארבייטען פעל — פון קיין מלאכות האבען זיי גאר ניט געוואוסט. יחזקאל איז אוועקגעפאהרען אין פ. נאהענט פון טעמיר־האן־שורא. און קומענדיג אהיים אויף ימים־טובים צו זיינע עלטערען, פלעגט ער זיך שוין ניט אומקעהרען אליין, נאר מיטברענגען מיט זיך נאך חברים זיינע אין דער גרויסער שטאדט אריין.

אין ווערקשטאט, וואו יחזקאל האט געארבייט אין פ., זיינען געוועזען פיעלע ארביי־טער פון פערשיעדענע שטעדט, וואס פלעגען זיך א סך אנדערצעהלען וועגען דעם שטורמישען לעבען ביי זיי אין דער היים, וועגען דער גרויסער שטאדט באקו, איהרע סטרייקען, דעמאנסטראציעס און פערשיעדענע רעוואלוציאנערע פארטייען. יחזקאל'ען האט דאס אלץ פעראינטערעסירט, נאר ער האט דאס נאך ניט אזוי גוט בעגריפען, ווייל ער האט רוסיש גאר ווייניג געקאנט. דאן האט ער בעשטימט צו פאהרען אין באקו און זיך אליין בעקענען מיט יענעם לעבען — מעג זיין וואס עס וויל!

ב.

אין צוויי יאהר ארום האב איך יחזקאל'ען בעגעגענט אין באקו. דארט האט ער שוין געהאט א סך פריינד און בעקאנטע. ער איז שוין געוועזען דאן א חבר אין דער ס. ד. פארטיי, און ניט קיין חבר כתם, ניט קיין צופעליגער, נאר א געטרייער, און איבערגעגעבענער. ער האט געלערנט רוסיש אין די אווענד־קורסען, און די לעהרער, וואס זיינען געוועזען ס. ד., איז געלונגען איהם צוציהען צו זיך. פון אידישען לעבען האט יחזקאל דאן גארנישט געוואוסט. באלד אבער האט ער אנגעהויבען בעזוכען די לעקציעס פון אידישער געשיכטע, און דאס האט אין איהם עפעס א נייעם אויפגעוועקט. ער האט אנגעהויבען פרעגען פערשיעדענע קשיות זיין פארטיי־אגיטאטאר. און איין מאל, ווען ער איז מיט מיר פון איין גרויסער אספה געגאנגען — —דאס איז געוועזען אין די צייטען פון דרייפוס־פראצעס — האט מיר יחזקאל געזאגט, אז סוף־סוף וועט ער מוזען ארויס פון דער פארטיי, ווייל זי פערענטפערט ניט אלע זיינע פראגען... דאך, נאך לאנג האט געדויערט, ביז ער און איך און נאך פינף חברים פון די ס. ד. האבען זיך ארומגעקוקט און איינגעזעהן, אז מיר זיינען אידישע נאציאנאליסטען און מיר דארפען זיך אנשליסען אן דער יונגער פועלי ציון פארטיי, וואס האט זיך דאן אנ־געהויבען גרינדען אין באקו. אין דער ערשטער צייט, ווען יחזקאל איז אריין אין דער נייער סביבה, איז ער געוועזען ווי א מענש, וואס האט לאנג ארומגעבלאנזשעט און צום סוף דאך געפונען דעם ריכטיגען וועג. ער האט מיט איבערגעגעבענהייט געלערנט די אידישע געשיכטע, באלד האט ער זיך אויך פעראינטערעסירט אין ארץ־ישראל.

דער פעראיין פלעגט פון צייט צו צייט בעקומען ידיעות פון ארץ ישראל און אונז האט אינטערעסירט צו וויסען, ווי פערדיענט מען דארט, ווי געהט דארט דאס לעבען. מיר האבען געליינט אוסיישקינס „אונזער פראגראם", און דאס בוך האט אויף אונז געמאכט א געוואלדיגען איינדרוק. יחזקאל איז באלד געווען גרייט. געהן ארבייטען דארט דריי יאהר ווי עס פאדערט „אונזער פראגראם" — און ארץ ישראל איז געווארען דער עיקר פון זיינע פערלאנגען.

אין יענער צייט איז אויסגעבראכען אין באקו דער בעריהמטער פאגראם אויף די ארמעניער. איך האב געוואוינט דאן אינאיינעם מיט יחזקאל'ען ביי אן ארמעניער אין הויז, און פאר אונזערע אויגען האט זיך אבגעשפיעלט דאס שרעקליכע בילד. ניט איינמאל האבען די טאטערען און די ארמעניער אנגעשטעלט זייערע ביקסען אויף יחזקאל'ען — זיי האבען איהם אנגענומען פאר א קינד פון אזיען.

און ווען דער פאגראם האט זיך איינגעשטילט, בין איך מיט יחזקאל'ען ארומגע־גאנגען איבער די גאסען און בעטראכט די הונדערטער הרוגים. יחזקאל האט זיך פער־טיעפט אין געדאנקען, און אז איך האט איהם געפרעגט, וואס טראכט ער, האט ער מיר געענטפערט:

— זעה, די ארמעניער און די טאטערען האבען דאך ביז איצט אזוי גוט געלעבט צווישען זיך... איך בין דאך אויסגעוואקסען צווישען טאטערען... און פלוצלונג... דער ליעגט אהן א קאפ, דער אהן א האנד... מיט וואס זשע זיינען מיר זיכער, אז אויך מיט אונז אידען קען אזוינס ניט פאסירען, און — ווער ווייסט, אויב ביי אונז וועלען זיך געפינען מענשען, וואס קענען פערטיידיגען זיך, ווי די ארמעניער...

און פון דאן אן פלעגט יחזקאל שטענדיג מיט מיר איינ'טענה'ן, אז מיר טארען ניט וואוינען צווישען פרעמדע, מיר טארען ניט טרויען. וואו זיינען זיי — פלעגט ער טענה'ן — וואו זיינען אלע די וואס האבען געשריען: אלע פעלקער, פעראייניגט אייך? וואוהין האבען זיי זיך בעהאלטען, ווען מען האט די דריי טעג נאכאנאנד גע־שלאכטעט א גאנץ פאלק אין די גאסען? וואו זיינען זייערע טויזענדער מעניטען, וואס פלעגען קומען צו זייערע פערזאמלונגען און איצט זעהט מען זיי גאר אין גאס ניט? ניין, איך גלויב ניט מעהר אין זייערע שעהנע רעדעס... שעהנע רייד קענען ניט ביי־שטעהן אין צייט פון פאגראמען... וואס ס'האט מיט די ארמעניער פאסירט, קען אויך טרעפען מיט אונז, אידען.

און איינמאל ווען ער איז געקומען אין אונזער פעראיין, האט ער זיך דערוואוסט, אז זיין השערה וועגען פאגראמען אויף אידען זיינען מקוים געווארען. מ'האט איהם דערצעהלט וועגען קישינעוו, האמעל און נאך...

ג.

נאכדעם האט יחזקאל מיט נאך א פאר חברים בעשלאסען צו פאהרען קיין ארץ ישראל. אבער קיינער פון זיי האט קיין געלד ניט געהאט אויף הוצאות. די חברים

האבען געראטען צו ווארטען, ביז ס'וועט זיך אנקלויבען די נויטיגע סומע. יחזקאל האט מיר אבער געזאגט: — מירביידע האבען דאך א זיכערע מלאכה אין האנד, און וואו מיר וועלען קומען, וועלען מיר זיך אויפ'ן לעבען פערדיענען: לאמיר־זשע ארויספאהרען פון דאנען אזוי שנעל ווי מיר קענען — וואס ס'וועט זיין זאל זיין. איך האב איהם געפאלגט, און אזוי זיינען מיר געקומען קיין סעוואסטאפאל. די חברים האבען אונז בעגלייט און מיר זיינען זיכער געווען, אז מיר וועלען זיך נאך זעהן אין ארץ ישראל. א סך פון זיי האבען פון יחזקאל'ען גענומען א משל. מיר האבען אלע געפיהלט, אז דער היינטיגער טאג איז ניט ווי אלע טעג און אונזער חבר יחזקאל איז ניט גלייך צו די אנדערע חברים...

אין סעוואסטאפאל האבען מיר געפונען ארבייט, און באלד האבען מיר אנגעהויבען שפארען, כאטש אונזער פערדיענסט איז ניט געווען קיין גרויסער: נאר דאן האט מען אנגעהויבען רעדען אין שטאדט וועגען א פאגראם אויף אידען, ווייל די אידען האבען דארט א גרויסען אנטייל גענומען אין דער רעוואלוציאנערער בעוועגונג. דאס איז געווען א קורצע צייט פאר'ן אויפשטאנד פון דער שיף „פאטיאמקין". דער „בונד" און די ס. ד. האבען געגרינדעט א זעלבסט־שוץ. אין איהר זיינען געווען דאס רוב אידען אבער אויך א פאר קריסטען. יחזקאל האט אנגעפיהרט א שטארקע אגיטאציע געגען דעם. — מיר טארען ניט גלויבען! — האט ער געזאגט, — אין דער לעצטער מינוט וועלען זיי אונז פערראטען. און אונזער פועלי ציון פעראיין, וואס האט געצעהלט 15 חברים, האט געגרינדעט א בעזונדערע זעלבסט־שוץ פון 25 מענשען — 22 מענער און 3 פרויען. מיר האבען געהאט די בעסטע געוועהר, און ווייל יחזקאל איז געווען זעהר עהנליך צו אנ'ארמעניער, און אויך איך בין — לויט דער מיינונג פון מיינע חברים — מעהר נוי איידער איד אויפ'ן פנים — האט מען אונז אויסגעקליבען, מיר זאלען ארומגעהן צווישען דעם רוסישען המון און זיך איינהערען, וואס רעדט מען דארטען. אזוי זיינען מיר ארומגעגאנגען צווישען די חוליגאנעס, גערעדט מיט זיי רוסיש אין דער ארמענישער אויסשפראך און זיך דערוואוסט, וואס מיר האבען געדארפט.

צוליעב די שלעכטע צייטען איז געווארען ווענין ארבייט אין סעוואסטאפאל — און יחזקאל איז געצוואונגען געווען אריבערצופאהרען אין אן אנדער שטאדט. ער איז אוועקגעפאהרען אין יאלטא, און איך בין געבליעבען אין סעוואסטאפאל. זייענדיג זעהר פערבונדען מיט זיינע פריינד, פלעגט מיר יחזקאל שיקען אפטע בריעף, און אין יעדען פלעגט ער מיך פרעגען, וויפיעל איך האב פערדיענט אין דער וואך און וויפיעל איך האב אבגעשפארט אויף רייזע הוצאות... איינמאל האב איך געקראגען פון איהם א בריעף, וועלכען איך היט נאך ביז היינטיגען טאג. ער שרייבט דארט אזוי:

„טייערער חבר! שוין דריי חדשים אז מיר זיינען פון באקו, און מיר האבען נאך קיין געלד געזאמעלט. וואס וועט זיין דער סוף? היינט איז איינער פון די חברים פועלי ציון אוועקגעפאהרען קיין ארץ ישראל און איך האב איהם אזוי מקנא געווען. ווען וועלען מיר שוין קומען דערצו? די טעג האבען די פועלי ציון בעקומען א בריעף פון א חבר, וואס איז אהין ניט לאנג אוועקגעפאהרען, און ער שרייבט, אז ער איז זעהר צו־

פריעדען. ער ארבייט שוין אין ראשון לציון אין א כרם און פערדיענט גענוג. אין גיכען וועט ער ווערען א וועכטער אין א כרם.

„מסתמא האבען אויך דארטען די אידען צרות, אבער דארט זיינען מיר דאך ביי זיך אין דער היים. אה, ברודער, ווען וועט שוין קומען די צייט, ווען אויך מיר וועלען דארטען זיין, און וועלען אידישע וויינגערטנער היטען? ער שרייבט פון דארט, אז אין גיכען וועט מען איהם געבען א ביקס, פערשטעהסטו, ברודער, ווי פריי ס'איז דארט. יעדערער טראגט זיין געוועהר. דארט איז דאך אוודאי פארהאן א סך שומרים — קען מען דאך גרינדען א וועכטער־פעראיין און אלע גנבים פאקען... ווען וועלען מיר שוין האבען גענוג געלד אויף הוצאות און ווען וועלען מיר זיין גליקליך ווי יענע וויינגאר־טען־וועכטער? ! איך וואונדער זיך, וואס דו האסט די וואך אזוי ווייניג אבגעשפארט. איך פערדיען גוט און וואלט זעהר געוואלט זיך זעהן מיט דיר. איך בענק נאך דיר זעהר. פון מיר דיין חבר חאצקעל“.

ד.

אין זיין לעצטען בריעף צו מיר פון יאלטא, פאר אונזער פאהרען קיין אדעס, שרייבט מיר יחזקאל אזוי:

„מיין חבר צבי. דיין בריעף האב איך ערהאלטען. דו שרייבסט, אז אונזער חבר ק־ן איז שוין אין אדעס אוןווארט אויף אונז, מיר זאלען פאהרען אינאיינעם. ס'ווייזט אויס, אז אונזערע חברה טוען זייערס און זיי וועלען זיין אין פאלעסטינא נאך פאר אונז. זעהר גוט. אבער וואס קענען מיר טון — מיר קענען דאך ניט פאהרען אהן געלד, און צווייטענס, דארפען מיר דאך גנב'ענען דעם גרענעץ, אין דער צייט ווען ק־ן האט א פאספארט. דעריבער זאלסטו איהם שרייבען דעם גאנצען אמת, אז מיר האבען נאך קיין געלד ניט און מיר קענען נאך ניט פאהרען. איך גלויב, אז אין א פאר וואכען ארום וועלען מיר שוין האבען די מעגליכקייט צו פאהרען. פון דעם וועכטער אין ראשון לציון האבען מיר אפטע בריעף. ער שרייבט, אז דארט זיינען דא א סך גנבים, און ווען מיר וואלטען דארט געהאט א סך פון אונזערע, וואלט מען זיי געקענט אין גאנצען פערטרייבען פון לאנד. ער שרייבט, אז דארט דארף מען מענ־שען, וואס קענען זיך בענוצען מיט געוועהר. מיר דוכט, אז מיר זיינען דאס די, וואס טויגען דערצו. ער שרייבט נאך, אז דארט קען מען קריעגען די בעסטע געוועהר און ניט טייער, דערפאר דארף מען דא ניט קויפען. שרייב ק־ן, אז מיר וועלען אינגיכען קומען. זאל ער דארט אנגרייטען ארבייט פאר אונז. חבר! איך וואונדער זיך זעהר וואס דו שרייבסט מיר, אז די וואך האסטו זעהר ווייניג אבגעשפארט. איך האב אבגעשפארט גענוג. פון מיר דיין חבר, וואס וויל דיך זעהר זעהן, חאצקעל“.

אז מיר זיינען געקומען אין א פאר וואכען ארום אין אדעס, איך פון ס., און ער פון יאלטא, האבען מיר אנגעהויבען זיך פאנאנדערצופרעגען וועגען דער מעגליכקייט צו פאהרען מיט'ן שיף בגנבה, ווייל קיין פאספארטען האבען מיר ווי געזאגט ניט געהאט. אבער אין אדעס האט דאן געהערשט קריעגס־צושטאנד און קיין בעקאנטע

האבען מיר דארט ניט געהאט. יחזקאל האט אפילו געהאט א בריעף פון יאלטא צו א חבר אין אדעס און דער האט אונז בעקאנט מיט אנ'אנדערען, וואס האט אונז א סך ארויסגעהאלפען. אבער וועגען „גנב'ענען די שיף" האט אויך ער אונז גארנישט גע־קענט טון. זיצען און ווארטען איז געווען אונמעגליך, ווייל ס'איז שווער געווען צו זיין אהן א פאספארט אין אדעס אין צייט פון קריעגס־צושטאנד. יחזקאל איז אבער ביי זיך ניט אראבגעפאלען. ער האט אויסגעפונען אז אגענט, וועלכער האט זיך אנגע־נומען דורכצופיהרען אונז דעם עסטרייכישען גרענעץ, און פון דארט — האט אונז צוגעזאגט דער אגענט — איז צו קומען אין פאלעסטינא זעהר גרינג. דארט איז דא אזא חברה, דורך וועלכע מ'קען פאהרען אין ארץ ישראל פאר האלבען פרייז. מיר אלע, ווי אויך אונזער אדעסער חבר, האבען גאר ניט געוואוסט פון דער זאך, און די אגענטען האבען געהאלטען אין איין איינרעדען אונז און האבען אונז געצווינגען די מארך פון די ביינער. איך האב געזאגט יחזקאל'ען, אפשר איז בעסער פאר אונז צו בלייבען אין אדעס און דאך ווארטען אויף דער מעגליכקייט צו פאהרען מיט'ן שיף, איידער אריינפאלען אין די הענד פון אגענטען, וועלכע איך האב גארניט געקענט, וועלכע זיינען מיר אבער באלד ניט געפעלען געווארען... נאר יחזקאל האט מיך ניט גע־וואלט פאלגען, אדער בעסער — ער האט מיך ניט ג ע ק ע נ ט פאלגען. ער איז שוין געווען אין גאנצען אריינגעטון אין זיין נאהענטער צוקונפט אין ארץ ישראל און דעם וועכטער פון ראשון לציון האט ער נאכט אין נאכט אין חלום געזעהן.

דאס און נאך א סך פון זיינע חלומות האט ער מיר דערצעהלט. — איך האב שוין קיין געדולד ניט צו בלייבען דא אפילו איין טאג — האט ער מיר געזאגט — און דו ווילסט, מיר זאלען דא זיצען חדשים! ניין און טויזענד מאל ניין! און אויב ס'איז קיין אנדער ברירה ניט — קום, לאמיר פאהרען דורך גאליציע!...

ה.

און אזוי איז עס געווען. יחזקאל האט געזיגט. מיר זיינען געפאהרען דורך גאליציע, אבער ווי געפאהרען! דאס איז שוין געווען איינמאל א נסיעה!

ערשטענס, האט דער אגענט ביי אונז צוגענומען דאס גאנצע ביסעל געלד. מיר האבען אבגערעדט, אז ער דארף אונז ברענגען אין בראדי פאר 42 רובעל און מיר האבען איהם די געלד טאקע בעצאהלט במזומנים, אבער קומענדיג צום גרענעץ, האבען די אגענטלעך פון דעם אגענט בשום אופן ניט געוואלט אונז דורכפיהרען, ביז מיר וועלען זיי ניט געבען געלד פון דאס ניי.

דעם איינדרוק, וואס דאס האט געמאכט אויף יחזקאל'ן, איז אונמעגליך צו בעשריי־בען. „סטייטש — איז מעגליך דען, אז אידען זאלען טון אזוינס זייערע ברידער, זייער אייגען בלוט און פלייש?!" ער האט זיך זעהר אויפגערעגט און האט געוואלט געהן אין שטאדט, פער'מסר'ן די רויבער פאר דער אידישער געמיינדע, נאר אונזערע בעגלייטער האבען איהם דערפון אבגעהאלטען, ווייל זיי האבען מורא געהאט, טאמער

וועט עס אויסגעהן צו זיי — און די אגענטען האבען געטון מיט אונז, וואס זיי האבען געוואלט.

ס'רוב פון אונזערע בעגלייטער זיינען געווען פרויען און קינדער — און אט דאס גאנצע בינטעל האבען מיר געמוזט אריבערפיהרען דורך היילען און דערנער, דורך טייכען און טייכלאך. ניט איינמאל האבען מיר זיך געדארפט אויסטון נאקעט און טראגען אויף זיך דעם „עולם". כדאי איז געווען צו זעהן יחזקאל'ען ביי דער דאזיגער ארבייט.

נאר אט זיינען מיר אין לעמבערג. אין קעשינע איז קיין פרוטה ניטא. מיר האבען זיך נאכגעפרעגט, וואו איז דא די חברה, וואס שיקט קיין ארץ ישראל פאר א האלבען פרייז? — האט מען אונז אויסגעלאכט. מיר האבען געפרעגט, ווי פאהרט מען פון דאנען אין ארץ ישראל? האט מען אונז געענטפערט, אז דער קורצסטער וועג איז דורך אדעס, און פון לעמבערג דארף אונז די נסיעה קאסטען ביי 50 רייניש יעדען...

ביטער איז אונז געווען, זעהר ביטער. מיר זיינען, פערשטעהט זיך, אוועק אר־בייטען. אבער ביליג אין דאן געווען דער מענש אין גאליציע. מאסען אנטלאפענע זיינען אנגעקומען פון רוסלאנד. הונדערטער פון זיי האבען זיך ארומגעוואלגערט אין פערשיערענע שטעדט. און ניט אלע מאל פלעגט אונז קלעקען דער פערדיענסט אויפ'ן עסען. בפרט אז ניט אלע טאג האבען מיר געהאט ארבייט.

מיט גרויס מיה און נאך פיעלע שוועריגקייטען איז אונז ענדליך געלונגען צו קומען אין קראקוי. דא האבען מיר בעשלאסען בעזעצען זיך ביז מיר וועלען אנקלויבען דאס נויטיגע געלד צו דער נסיעה קיין ארץ ישראל. מיט דער הילף פון אונזערע חברים פועלי ציון דארט האבען מיר געקראגען אונזער ארבייט, וועלכע מיר האבען גוט געקענט, און זיעבען חדשים, זיבען שווערע, לאנגע חדשים זיינען אריבער, ביז מיר האבען אב־געשפארט דאס נויטיגע געלד און זיינען אוועקגעפאהרען.

* * *

אזוי איז געפאהרען יחזקאל ניסאנאוו פון באקו קיין ארץ ישראל. א גאניץ יאהר האט געדויערט זיין רייזע. א יאהר פול מיט יסורים און העלדען־פאנטאזיעס, פאנטאזיעס פון ארבייט און וואך אינ'ם לאנד פון זיינע חלומות...

צבי בעקער.

# חאַצקיל

(עראינערונגען)

דאַס איז געווען תשרי־צייט ה׳תרס״ח.

אין איינעם פון די אראַנזשען־פּרדסים, וואָס רינגלען אַרום יפו פון דריי זייטען, איז אַ קליין צימער אויף דעם צווייטען שטאָק האָב איך דאַן געוואוינט.

אַ פּאָר הילצערנע „גאַזע־קעסטלעך״, צוזאַמענגעשטעלט ביי די ווענט, האָבען געדיענט אַנשטאָט אַ שרייב־טיש, בענק און ביכער־שראַנק: אַ גרויסע אַראַבישע ראַגאָזשע האָט בעדעקט די פּאָדלאָגע און דאָס איז געווען דאָס גאַנצע מעבעל.

שפּעט ביי־נאַכט. אַ דונקעל ליכט פון דעם קליינעם הענגלעמפּעל בעלייכט דעם צימער. אויף דער ראַגאָזשע אין מיטען שטוב גרופּירען זיך אין אַן ענגען קרייז פינף־זעקס יונגע בחורים: איינציגע זיצען מיט די פיס צונויפגעלעגט אונטער זיך, אויף דעם אָריענטאַלישען שטייגער: אַנדערע ליעגען אויסגעצויגען און האַלב אויסגעצויגען אויף דער ראַגאָזשע. אַלע זיינען טיעף־טיעף פערטון אין אַ געשפּרעך, קיינער בעמערקט נאָר ניט, ווי די נאַכט לויפט פאַריבער.

דאָס איז געווען די ערשטע זיצונג פון דער גרופּע, פון וועלכער עס האָט זיך שפּעטער אויסגעבילדעט דער השומר...

אַ מאָדנעם בילד האָט מיט זיך די קליינע גרופּע פאָרגעשטעלט: דער לייטענדער גייסט האָט געשיינט צו זיין דער עלטערער פון זיי—אַ חאַראַקטעריסטישער טיפּ פון אַ רוסישען רעוואָלוציאָנער: אַ הויכער יונג מיט לאַנגע שוואַרצע געקרייזעלטע האָר און געגאָלטע וואַנצעס, מיט אַ פייערדיגען בליק. מיט אַ מערקווירדיגער קראַפט האָבען זיינע ווערטער בעהערשט די פערזאַמעלטע, כאָטש זיי זיינען געווען איינפאַך און ניט געקינצעלט, מעהר פון די ווערטער האָט געווירקט די גאַנצע פיגור און טעמפּעראַמענט פון דעם יונגען מאַן, וועלכער האָט שוין העכער אַלס דריי יאָהר פערביטען זיין סטודענטען־אווידיטאָריום אויף דעם פּיאַש און אַקער. זיין גייסט האָט זיך דערמיט ניט בעפרידיגט, עס האָט איהם געטראָגען ווייטער, — און ער איז געוואָרען דער פאָטער פון אַ נייעם געדאַנק, און ער האָט דעם געדאַנק אין לעבען פערווירקליכט: ער האָט געגרינדעט דעם השומר:

נעבען איהם זיינען געזעסען אַנדערע. דאָס זיינען געווען די פּראָסטע אַרבייטער — אַרבייטער נאָך פון דער היים. יעדער איינצעלנער איז אָבער געווען אַ וועלט פאַר זיך. אָט איז אַ ברייט־פּלייציגער, ביינערדיגער בעסאַראַביער בחור מיט אַ דורכגעטריבענעם שמייכעל אויף די ליפּען. זיינע קורצע פּראַקטישע בעמערקונגען ציינען אַרויס אַ געבוירענעם שאַרפזין און פלינקע פעהיגקייט זיך צו אָריענטירען אין די פערוויקעלסטע סיטואַציעס. אָט איז גאָר אַן אַנדערער טיפּ: אַ פעסט־געבויטער יונג מיט בלאָנדע האָר און בלויע אויגען מיט אונגעשיקטע בעוועגונגען. דאָס איז אַ סיבירער

אינגעל, א האלבער גר לויט זיין אבשטאמונג, אבער דאך א גאנצער ניט־צוקאליעטשע־טער נאטור־איד. זיינע ווערטער זיינען אבגעריסענע, זיין אידיש איז א.גוי'אישער, זיין געדאנק איז פעסט און הארט ווי שטאל. ער ווייסט ניט פון קאמפראמיסען און האלבע מיטלען.

פון דער גאנצער קאמפאניע האט זיך נאר איינער ווייניג וואס געמישט אין גע־שפרעך. דאס איז געווען א ניעדעריגער מאגערער בחור, מיט פעך־שווארצע האר, מיט א שארפען אדלער־בליק. שטיל איז ער זיך געזעסען אביסעל אן א זייט און האט אויפמערקזאם זיך צוגעהערט צו אלעס, וואס עס איז דא ארויסגעזאגט געווארען. פילייכט האט איהם געשיינט צו זיין איבעריג רעדעס איבער דעם, וועגען וואס ער האט יאהרען־לאנג געטרוימט אין זיין הארצען; און אפשר זיינען איהם געווען לאנג־וויילינג ווערטער, בכלל. צו היציג איז געווען זיין טעמפארעמענט, וועלכער האט גע־גארט נאך מעשים: אויב אבער ער אליין איז די גאנצע צייט פערבליעבען שטיל־שווייגענד, האט דער קאווקאזישער פייערל אין זיינע אויגען גערעדט און ענטדעקט סודות פון זיין נשמה.

דאס איז געווען יחזקאל ניסאנאוו, אדער ווי מען פלעגט איהם פראסט רופען צווישען זיך — ח א צ ק י ל.

* * *

שוין באלד צוויי יאהר ווי ער איז געקומען צו אונז פון די בערג פון קאווקאז. פון חיפה, וואוהין ער איז אנגעקומען, איז ער אוועק מיט א גאנצער גרופע, וועלכע איז מיט איהם צוזאמען געקומען, — קיין זכרון־יעקב. אין דער קאלאניע האט ער אנגעהויבען ארבייטען ביי ערד־ארבייט.

זיין אומרוהיגער גייסט און זיין פייערדיגער טעמפארעמענט האט איהם אבער ניט געלאזען בלייבען ביי דער געוועהנליכער ערד־ארבייט. דער געדאנק פון אידישער וואך האט איהם ניט געלאזען רוהען. — און ער איז געווארען איינער פון די גרינדער פון השומר.

אומקעהרענדיג זיך נאך דער יפו'ער פערזאמלונג קיין זכרון־יעקב, האט חאצקיל בעשלאסען אוועקצוגעהן אין גליל. דארטען, אין איינער פון די גליל'ער פארמס, איז מקוים געווארען דער טרוים פון זיין לעבען: אידישע וואך איז געווארען א ווירקליכ־קייט, און איינער פון די ערשטע אידישע וועכטער אין גליל התחתון איז געווען י ח ז ק א ל נ י ס א נ א ו ו.

צו דער וואך האט זיך חאצקיל אבגעגעבען מיט זיין גאנצען לעבען, מיט דעם גאנצען פייער פון זיין מזרח־נשמה. א פיהרער און א סאלדאט אין איין אין דער זעלבער צייט איז חאצקיל געוועזען. קיין ארבייט איז פאר איהם ניט געווען שווער: אויפנעהמען נייע שמירות, בעארבייטען נייע באדענס, אויסשטעהענדיג די גרעסטע גע־פאהרען. חאצקיל'ס מוטה און ש ר ע ק ל א ז י ג ק י י ט איז געווען מוסטערהאפט.

ער האט ווייניג וואס גערעדט. דערפאר האט זיך אבער ביי איהם דער ווארט ניט אבגע־טיילט פון טהאט, ווארעם ער איז געווען דער מאן פון טהאט.

פסח־צייט אין דעם יאהר תרס"ט האב איך זיך מיט חאצקל'ען בעגעגענט אין גליל. פון דער קאלאניע יבנאל (יעמא) זענען מיר קיין סעדזשערא געגאנגען, צוזא־מען מיט אייניגע חברים און חברות: ווי נור מיר זענען דעם אראבישען דארף סאראנא פארבייגעגאנגען, האט אנגעפאנגען צו שפריצען א קליינער, דריבנער רעגען — דער מלקוש (שפעט־רעגען). ארום אונז איז אן אפענער געגענד: בלויזע פעלזען מיט שיטערע בוימער, קיינע הייזער אדער ביידלאך זעהט מען נישט, וואו צו בעהאלטען זיך איז ניטא. א ברירה האבען מיר — געהען מיר ווייטער. מיר זענען שוין דורכגענעצט דורך־און־דורך. דערווייל דערזעהען מיר פון ווייטען שטיי־נערנע הייזקעס פון דעם טשערקעסישען דארף כפר־כמא. איך וויל שוין פער־קערעווען אין דארף אריין, כדי אויסצוטריקענען זיך אביסעל פון'ם רעגען. נאר דא האט זיך יחזקאל שטארק איינגעשפארט. וואס איז? שווייגט ער. לסוף לאזט זיך אויס איין קלייניגקייט: זיין ברודער האט ניט לאנג געהאט א שטיקעל צוזאמענ־שטויס מיט טשערקעסען, און האט ביי איינעם פון זיי א ביקס צוגענומען, טאקע דעם זעלבען ביקס, וועלכען ער, חאצקיל, טראגט יעצט אויף די פלייצעס. פערשטעהט זיך, אז ווען די טשערקעסען וועלען דערזעהן זייער ביקס ביי אונז, וועט אונז שוין מעהר ניט פעהלען...

דורכגעווייקטע, דורכגענעצטע האבען מיר פארטגעזעצט אונזער וועג, אויסמיי־דענדיג דעם טשערקעסישען דארף אויף אן אנשטענדיגער דיסטאנץ...

* * *

די לעצטע טעג פון זיין לעבען האט חאצקיל פערבראכט אין מרחביה, וואו ער האט אנטייל גענומען אין דער בעארבייטונג פון דעם נייעם באדען. איינמאל איז ער געפאהרען צוזאמען מיט נאך א חבר קיין יבנאל אויף א וואגען, געשפאנט צו מויל־אייזלען. דער וועג געהט פערביי דעם אראבישען דארף סאראנא, וועלכער שטעהט אויף א שפיץ בארג. פון דאנען לאזט זיך דער וועג אראב צו דער אידישער קאלאניע און דרעהט זיך אין זיגזאגען פונקט ווי א שלאנג ביי דעם זייט פון בארג. א שטייפע ווערטיקאלע פעלזענוואנט הויבט זיך אויף פון איין זייט: פון דער צווייטער — לויערט א טיעפער אבגרונד פון אונטען. איין פאלשער טראט, איין שפרונג פון דער פרדה (מויל־עזעלטע) — און דער וואגען מיט די פאסאזשירען פאלט באלד אריין אין תהום.

די רויבער האבען ארויסגעקוקט פון אויבען פון דעם אראבישען דארף. ניט בעמערקטערהייט האבען זיי זיך אראבגעלאזען און איבערגעשניטען דעם וועג. אויף אנ'ארט וואו דער וועג פערקירעוועט זיך, זענען זיי פלוצלונג ארויס־געשפרונגען און אנגעשטעלט די ביקסען אויף יחזקאל'ן. די צושראקענע פרדות האבען זיך א ווארף געטון, שיער דעם וואגען ניט איבערגעקערט און מיט אמאל אבגע־שטעלט זיך. די אראבישע באנדיטען האבען פערלאנגט די פרדות און דאס געוועהר.

# יזכור

די פאדערונג אליין איז שוין פאר חאצקלען געווען א בעליידיגונג. ווען עס פלעגט זיך אמאל טרעפען, אז מען האט ביי א קאלאניסט אוועקגערויבט א בהמה, פלעגט איהם יחזקאל שטענדיג פארווארפען: „דו ביזט לעבען געבליבען, און די בהמה איז ניטא —— שעהמען מעגסט דו זיך!“

מיט א קללה פון פעראכטונג האט חאצקיל געענטפערט אויף דער פאדערונג. ער האט אויסגעשטעלט זיין רעוואלווער און געהייסען זיין חבר נ. אנטרייבען די פרדות מיט אלע כחות. אויף איין מאמענט זיינען די אראבער איבערראשט געווארען פון דעם אונערווארטעטען ווידערשטאנד, און זענען אבגעטראטען. אין א מינוט ארום האבען זיי זיך אבער צוריק געכאפט און אנגעהויבען צו שיסען פון די ביקסען. חאצקיל האט פון זיין זייט בעוויזען נור איין מאל אדער צוויי מאל צו ענטפערן. די אראבישע קויל האט איהם גלייך אין קאפ געטראפען און זיין שארבען געעפענט. ער איז מא־מענטאל אויף דעם וואגען געפאלען. אין דער זעלבער צייט האט נ. מיט אלע זיינע קרעפטען געטריבען די מויל־עזלען, און האט אפילו ניט בעמערקט ווי חאצקיל'ס האנד האט זיך פערפלאנטערט צווישען דעם וואגען און די רעדער.

ווי משוגע האבען זיך די פרדות געטראגען בארג אראב, צו בית־גן. אין עטליבע מינוט איז שוין דער וואגען געווען אין דער קליינער קאלאניע. ערשט יעצט האט זיך דער חבר נ. ארומגעזעהן, אז יחזקאל ניסאנאוו איז טויט...

* * *

א שווערע טראגעדיע האט זיך אבגעשפיעלט מיט דעם טויטען קערפער, בשעת חאצקיל'ס מוטער האט זיך דערוואוסט פון דעם שרעקליכען אומגליק.

שטיל איז צוגעגאנגען די אלטע שטאלצע אידישע טאכטער פון קאווקאז צו איהר זוהנ'ס קערפער. קיין קרעכץ האט זי ניט ארויסגעגעבען, קיין טרעהר האט זיך אויף איהרע אויגען ניט בעוויזען. א טויטע שטילקייט האט אלעמען בעהערשט.

— האט חאזקיאל (יחזקאל) גענומען נקמה פון זיינע מערדער? — איז געווען איהר איינציגע פראגע.

מען האט איהר דערצעהלט, אז חאצקיל האט פאר'ן טויט געשאסען אין זיינע מערדער און איינעם פון זיי שטארק פערוואונדעט.

א שארפער פייעריל האט זיך אין איהרע אויגען אנגעצונדען, און איהרע ליפען האבען שטיל געשעפטשעט:

— ברוך השם.... ברוך השם...



חבר צבי בארטאנאָווסקי

פון ראמני, פאלטאווער גובערניע. געפאלען אויף דער וואך אין סערזשערא, י"ט תמוז, תרע"א.




(ביאגראפישע נאטיץ)

נאך דעם ווי ער האט געענדיגט די „שטאדטישע שולע" אין זיין היים, ראמני, פאלטאווער גובערניע (רוסלאנד), האט צבי בעשלאסען אוועקצופאהרען אין ארץ ישראל. סוף זומער תרס"ו (1906) האט ער פערלאזען זיין היים און זיין מוטער, און אהן א פאספארט און אהן א גראשען געלד אויף רייזע הוצאות איז ער אנגעקומען אין אדעס. פון דאנען האט ער געזאלט אנקומען מיט דער שיף אין יפו. וואס טוט מען אבער אהן א בילעט און אהן א פאספארט? צבי האט זיך אן עצה געגעבען. מיט א טאג פאר דעם אבגאנג האט ער זיך אריינגע'גנב'ט אין שיף און בעהאלטען זיך אין קעלער ביז די שיף איז שוין געווען אין מיטען ים. אויסגעמיעדען דעם רוסישען זשאנדארם האט ער נאך אליין געדארפט זיך אויסהיטען פאר די בעאמטע פון שיף, וואס קאנטראלירען די בילעטען פאר יעדער סטאנציע. און סטאנציעס האט די רוסישע שיף כמעט יעדען טאג אין איהר צוויי וואכעדיגער רייזע פון אדעס ביז יפו: אין סמירנע האט מען איהם געכאפט אהן א בילעט און ארויסגעזעצט פון שיף. צבי האט זיך א גאנ־צען טאג ארומגעדרעהט אין דער פרעמדער הויפט־שטאדט פון קליין־אזיען — ער איז אבער געווען ענטשלאסען צו דערגרייכען דעם יפו'ער פארט — ויהי מה! פאר־נאכט, ווען די שיף האט ארויסגעלאזט איהר לעצטען פייף פאר'ן אבגעהן, האט זיך צבי ווידער ארויפגעכאפט אויף'ן שיף, און בעהאלטענערהייד דורכגעמאכט די רייזע ביז יפו.

פון יפו איז צבי, ווי דער רוב אנגעקומענע פיאנירען, אוועק אין די קאלאניעס און זיך געשטעלט ארבייטען אין פעלד. דא איז ער בעקאנט געווארען צווישען די חברים מיט'ן נאמען „צבי דער בארוויסער". זיין כאראקטער איז ווירקליך געווען א געמיש פון אידעאליזם און אפפערווילינקייט פון א פיאניר און זארגלאזיגקייט פון א „באסיאק".

נאך א פאר יאהר ארבייט אין די יהודה'ער קאלאניעס איז צבי צוריקגעפאהרען אין רוסלאנד און אריינגעטראטען אין א טעכנישער שולע מיט'ן ציעל צוצוגרייטען זיך צו גרויסע ארבייט אין ארץ ישראל. זיין אונרוהיגער גייסט האט איהם אבער געצווינגען צוריק אין ארץ ישראל, און צבי האט אויפגעגעבען דאס לערנען און קעהרט זיך אום און ווערט ווידער א „בארוויסער" אין די יהודה'ער קאלאניעס.

נאר אויך דאס לעבען און די ארבייט פון א געוועהנליכען ארבייטער האט איהם ניט אין גאנצען בעפריעדיגט.

דאס לעבען פון די שומרים, די וואך מיט איהרע אפּפערס און געפאהרען, די שווארצע נעכט הינטערען וואנד צווישען די בערג און פעלזען אין גליל האבען גערופען און געמאהנט. צבי האט בעשלאסען צו ווערען א וועכטער, און איז אוועק אין יבנאל, אין צענטער פון גליל־התחתון. ס'איז געווען זומער תרע"א אין דער צייט פון „גורן" — ווען די תבואה ליגט אויף'ן שייער. אין יבנאל (יעמא) איז די וואך שוין געווען פערנר־מען. אזוי אויך אין די אנדערע גליל'ר קאלאניעס. דער איינציגער וואקאנטער ארט איז געווען סעדזשערא. דער „השומר" האט דאן אראבגענומען אויף א יאהר צייט די וואך פון סעדזשערא אלס שטראף געגען דער קאלאניע, וואס האט, ניט אנפרעגענדיג דעם „השומר", געשלאסען א אונווירדיגען שלום מיט די שכנים. ווען צבי איז געוואר געווא־רען, אז דיעזע שטראף איז ארויפגעלעגט אויף דער קאלאניע בלויז אלס פראטעסט און ניט אלס באיקאט — האט ער בעשלאסען אנצונעהמען די וואך אין סעדזשערא.

איינער פון די שומרים, מיט וועלכען צבי האט זיך בעראטען, האט איהם גע־ווארענט געגען דער געפאהר מצד די שכנים, וועלכע זיינען נאך אלץ פערבליבען שונאים טראץ דעם כלומר'שטען שלום־אבמאך. צבי האט זיך אבער ניט גערעכענט מיט דער געפאהר און אנגענומען די וואך פון סעדזשערער גורן. ניט לאנג איז אבער איהם בעשערט געווען צו זיין אין סעדזשערא א וועכטער.

אין זיעבען טעג ארום, י"ט תמוז תרע"א, נאך האלבער נאכט האט מען אין דער קאלאניע דערהערט א שיסעריי אויף'ן גורן, און ווען איניגע קאלאניסטען זיינען געקומען צולויפען האבען זיי געפונען ליעגען דעם וועכטער צבי אין א טייך בלוט. א רויבערישע קויל האט איהם געטראפען אין פוס, אין גרויסען אדער, און די בלוט האט געשפּארט מיט א גוואלדיגען כח. מ'האט איהם גלייך ארויפגעטראגען אין פארם, אין אפּטייק, און געשיקט רופען דעם דאקטאר פון יעמא. ווען דער דאקטאר איז אין דער פריה געקומען פון יעמא איז שוין געווען צו שפּעט — צבי איז אויסגעגאנגען מיט בלוט.

* * *



# יזכור

## צבי באַרטאַנאָווסקי

(זכרונות)

אין 1904-טען יאהר איז עס געווען. אויף א פערזאמלונג פון א יוגענדליכען ציוניסטישען פעראיין האב איך זיך געטראפען מיט צבי'ן.

ער איז געווען מיט עטליכע יאהר עלטער פאר מיר און האט שוין געהערט צו דער ציוניסטישער ארגאניזאציע. מיך האבען צוגעצויגען זיינע אויגען. זיי זיינען געווען דרייסטע, ענטשלאָסענע און צוגלייך טרוימערישע. כ'פלעג איהם אפט בעזוכען. צבי פלעגט זיין צייט אוועקגעבען פערשיעדענע פיזישע עקספערימענטען. ער האט זעהר ליעב געהאט פיזיקע. נאך זייענדיג א שילער פון דער אנאפאנגס שולע האט ער געטרוימט וועגען ענטדעקונגען און ערפינדונגען. איין מאמענט געדענקט זיך מיר: ליגענדיג אויף'ן גראז און שמועסענדיג מכח די אידישע העלדען און זייערע מעשים פאר'ן אידישען פאלק, האבען זיך צבי'ס אויגען אנגעצונדען און ער האט געזאגט „איך מוז פאהרען אין ארץ ישראל" דערנאך אויפגעשפרונגען און דערענדיגט: „עה, זאל איך נאר ענדיגען די שוהלע און איך פאהר". איך בין געווען זיכער, אז צבי וועט זיינס אויס־פיהרען.

דערנאך איז אנגעקומען דער יאהר 1905 מיט אלע זיינע געשעהענישען. איך בין אוועקגעפאהרען לערנען זיך און ווי פיעלע פון דער אידישער יוגענד בין איך אבגעריסען געווארען פון'ם אידישען לעבען און פון אלעם אידישעם. וועגען באַרטאנאווסקי'ן האב איך גאר נישט געהערט. מיין חבר האט מיר נאר מודיע געווען, אין איינעם פון זיינע בריעף, אז צבי איז אוועקגעפאהרען אין פאלעסטינא. די ידיעה האט קיין איינ־דרוק אויף מיר ניט געמאכט.

אין עטליכע יאהר ארום האב איך זיך צוריק אומגעקעהרט אין מיין שטעדטעל. כ'בין דאן צוריק געקומען צום אידישען לעבען און ארץ ישראל איז געווארען מיין טרוים. איינמאל זיצענדיג ביי זיך אין צימער האב איך דורך'ן פענסטער בעמערקט א הויכען שלאנקען יונגען מאן, וואס איז געגאנגען צו אונזער הויז. איך האב באלד דער־קענט צבי באַרטאנאווסקי'ן. ער איז אויסגעוואקסען פאר דער צייט, נאר די אויגען זיינען פערבליבען ווי פריהער, דרייסטע און ענטשלאסענע. ער האט זיך אומגעקעהרט פון פאלעסטינא און איז אנגעקומען אין אדעסער פאליטעכניקום. זעהסטו, האט ער מיר דאן געזאגט, דאס לאנד איז רייך, מ'קאן דארט פיעל אויפטון, נאר עס פעהלען מענ־שען מיט א טעכנישער בילדונג. נו, האב איך בעשלאסען פערלאזען ארץ ישראל, קריגען די נויטיגע טעכנישע פארבערייטונג און דערנאך צוריק אומקעהרען זיך אין פאלעסטינא. ער פלעגט דערצעהלען פיעל פון לעבען אין ארץ ישראל. ער פלעגט עס דערצעהלען מיט ליעבשאפט און איבערגעבענהייט. מיט דער ליעבשאפט, מיט וועלכער

מ'רעדט פון א היים, פון א מוטערלאנד. יא, זיין היים איז שוין געווען פאלעס־טינא. ער האט געבענקט נאך'ן לאנד און אלין און אלע ארום זיינען איהם געווען פרעמד און ווייט. ווען ער פלעגט זיך אנהערען די אלע דבורים און דיסקוסיעס אין דעם ציוניס־טישען פעראיין, פלעגט ער זיך קלאגען: "דארט איז אזוי פיעל ארבייט פאראן, אזא מאנגעל אין מענשען און זיי זיצען דא און חקירה'ן זיך."

אפט פלעגט זיך מיר דוכטען, אז ער שעמט זיך דערמיט, וואס ער איז אבגעפאהרען פון ארץ ישראל.

נאך די „קאניקולעס" זיינען מיר זיך צופאהרען... צבי איז אוועקגעפאהרען אין אדעם פארטזעצען זיין לימוד אין'ם פאליטעכניקום. ער האט ניט אויסגעהאלטען, אין עטליכע חדשים ארום האט זיך צבי אומגעקעהרט צוריק אין ארץ ישראל.

די פאלעסטינאער האבען ניט ליעב איבערצושרייבען זיך. איך האב פון איהם מעהר קיין בריעף ניט בעקומען.

זיין מוטער פלעגט אפט קומען צו אונז אויסוויינען איהר הארץ. זי האט ניט געקאנט בערוהיגען זיך, אז איהר זוהן איז א וועכטער, א „סטארעזש" געווארען אין פא־לעסטינא. וויפיעל איך האב זיך ניט געסטארעט ערקלערען איהר און דערוויזען די וויכ־טיגקייט פון די אידישע „שומרים" אין ארץ ישראל, האב איך גאר נישט אויסגעפיהרט. זי האט גע'טענה'ט איהר'ס: "ס'ארא חרפה און בושה! איהר זוהן איז גאר א סטארעזש געווארען."

מיט דער צייט האט זיך זיין מוטער בערוהיגט, זי האט בעגריפען וואס עס הייסט א „שומר" אין ארץ ישראל און האט שוין שטאלצירט מיט איהר זוהן. דאס וואס מען האט ניט געקענט אויסווירקען מיט רייד און טעארעטישע אויפקלערונגען האבען אויס־געווירקט צבי'ס בריעף צו זיין מוטער. בריעף אנגעטרונקענע מיט ליעבשאפט און איבערגעבענהייט צו זיין ארבייט.

ס'איז אריבער נאך א יאהר און איך בין ווידער אין מיין שטעדטעל. אין דער פריה איז צו מיר געקומען צולויפען מיינער א חבר מיט דער קורצער ידיעה, אז צבי בארטאנאווסקי איז דער'הרג'עט געווארען.

אין דעם אווענד האט זיך א קליינער עולם צונויפגעקליבען געהיים, אונלעגאל. ערגיץ אין אנ'ענגען צימער הינטער'ן שטאדט. ס'האט געהערשט א שווערע שטילקייט. איינער האט מורא געהאט דעם אנדערען אין די אויגען אריינקוקען; די שטילקייט איז געווארען אונערטרעגליך. איינער האט זיך אויפגעהויבען און פארגעלעזען די טרויערי־גע ידיעה וועגען בארטאנאווסקי'ס טויט. און ווידער זיינען אלע געבליבען זיצען פערקימערט און שטיל. א צווייטער האט זיך אויפגעהויבען און פארגעלעגט מיר זאלען אוועקשטעלען א דענקמאל אויף צ ב י ' ס ק ב ר. מארגע איז אונז פארגע־קומען דער פארשלאג. דער פארשלעגער אליין האט עס דערפיהלט און אויפגעהערט אין מיטען רעדען.

„פאר וועמען איז געפאלען צבי בארטאנאווסקי ? — האט פלוצלינג עמיצער א פרעג געטון. — פאר וואס איז עפעס צבי טויט און ניט עמיצער פון אונז ?" אלע האבען דערפיהלט דעם טיעפען פארוואורף. דאס האט אייגענטליך אויסגעדריקט דאס וואס אלע האבען אין דער שטיל איבערגעלעבט.

אין א קליינער צייט ארום איז א גרופע חברים אפגעפאהרען נאך ארץ ישראל...





חבר יצחק אחדותי

געבוירען אין ירושלים. דער׳הרג׳עט געווארען דורך א צופאל ביי דער ארבייט אין מרחביה
י״ד אייר, תרע״ב.




(עראינערונגען)

א לעבעדיגע, מונטערע, שטימונגספולע צייט איז דאמאלס געווען. די פארטייבעראטונג פון פסח תר"ע האט בעשלאסען אנצוהויבען ארויסגעבען אונזער צייטשריפט „האחדות“, דעם ערשטען סאציאליסטישען ארגאן אין ארץ ישראל, אין ירושלים, אין העברעאיש: ס'האבען זיך געוועבט חלומות פון ברייטער קולטורארבייט. געלד איז געווען ווינציג, ארבייטס־לוסט — א סך, און מיר זיינען שוין צוגעטראטען צו די לעצטע פארבערייטונגס־ארבייטען פאר דער ערשיינונג פון דער צייטשריפט. מיר האבען געשאפען א דרוקעריי, וואס זאל פערזיכערען די צייטשריפט, און אגב, ווערען א עקאנאמישע פאזיציע פאר די ארבייטער אין ירושלים. ס'איז געווען דער געדאנק: קאנצענטרירען אין דער דרוקעריי א פאר פון די בעסערע ארבייטער טיפען פון'ם אלטען ישוב, דערנעהנטערען זיי צו אונזערע אידעאלען, און בעקומען דורך זיי א צוטריט צו די ברייטערע, אבגעשטאנענע און דערווייטערטע פון אונז ארבייטער עלעמענטען פון ירושלים. קליין איז געווען אונזער „דרוקעריי“, א פאר פוד שריפט און איין קאסטען. אין א קליינעם האלב־דונקלען צימער ביי אונזערען א חבר אין דער שכונה „זכרון משה“ האבען מיר איינגעארדענט אונזער דרוק, און לעת עתה אנגעשטעלט איין פרעמדען ארבייטער.

א מארגעם איינדרוק האט יצחק — אזוי האט דער ארבייטער געהייסען — אויף מיר געמאכט די ערשטע טעג. א מאגערער זעכצעהן־יעהריגער בחור'ל, טאקע א ירושלים'ער א געבוירענער, אנגעטון עטוואס אויף דעם אלטען שטייגער, א לענגערען רעקעל, אויפ'ן קאפ א יארמולקע און אונטערן וועסטעל א טלית־קטן. נאר א פאר אויגען האט ער פערמאגט, שארפע, שווארצע, ברענענדע, און עפעס א כיטרער־פערשייטער בליק האט פון זיי תמיד ארויסגעקוקט. ס'האט געשיינט, ווי ער בעטראכט דיך אזוי איראניש און לאכט זיך אויס גאנץ שעלמיש פון דיר. אין דער זעלבער צייט איז דאס געווען א פרעהליכער קוק, און ס'האט זיך געוואלט גלייך ווערען מיט איהם היימיש. פון דער זייט פלעגט ער זיך צוקוקען צו אונזער חברה. אליין איז ער אויסגעוואקסען אין גאר אן אנדער אטמאספערע פון די „פאטריאכאלע“ ארבייטס־בעציהונגען אין די ירושלים'ער דרוקערייען, אהן א בעשטימטער ארבייטס־צייט, אהן א זיכערען ארבייטס־לוין און אהן א שום אינטערעס צום געדרוקטען ווארט. האט ער זיך צו אונז צוגעקוקט מיט א נייגעריגקייט, שוויגענדיג, מיט'ן שמייכעל אין בליק.

די ארבייט האט אונז אין גאנצען פערכאפט; זי האט זיך געטון אזוי לייכט, פריי,

זינגענדיג, און יצחק האט געצויגען מיט זיין אונמיטעלבארער אויפריכטיגער פרישקייט און פרייליכקייט צו אונזער חברה. אין זיין ביז איצטיגער סביבה איז איהם געווען קאלט, אומעטיג, און ער גיט זיך אפ דעם נייעם לעבענס־שטראם. פערשוואונדען דער טלית־קטן. ס'האט זיך אפגעדעקט דער שווארצער קאפ האר: ער האט אנגעהויבען בעזוכען פערזאמלונגען און איז געווארען אן „אונזעריגער". די דרוקעריי האט זיך שוין אריבערגעצויגען אין א גרעסערער דירה, ס'ארבייטען שוין עטליכע ארבייטער, און יצחק וואקסט צוזאמען מיט דער ארבייט. ער ווירקט אין זיין אלטער סביבה. זיינע אמאליגע חברים וואונדערען זיך אויף איהם און אינטערעסירען זיך מיט זיינע נייע חברים. ס'ברעכט אויס א שטרייק אין א דרוקעריי. דער בעל־הבית וויל ניט לאזען זיינע ארבייטער געהן בעזוכען דעם „בית־העם" און דעם ארבייטער קלוב. די ארבייטער פראטעסטירען, ווארפען די ארבייט. מ'דארף זיי ארגאניזירען, אונטער־שטיצען די פאמיליאנטען, געבען ארבייט, פעראינטערעסירען די געזעלשאפטליכע מיינונג. די דרוקעריי אונזערע קומט צונויז. די שטרייקער קריעגען דארט ארבייט. מ'לאזט ארויס אויפרופען. יצחק ווארפט זיך אריין מיט זיין גאנצען הייסען טעמפעראַ־מענט אין דער זאך, און טראגט אריין מונטערקייט און פרישקייט.

ער טהוט אלץ וואס ס'איז נויטיג, נאר רעדען רעדט ער ווייניג. זיין בליק איז שוין ערנסטער. און דאך שטעקט נאך אין איהם א סך שטיפערישקייט. ער לייענט פיעל, ער הערט זיך צו צו אלץ, און ער איז פעראינטערעסירט אין דער צייטונג, זי איז זיינע אנ'אייגענע. די צייטשריפט ערשיינט שוין וועכענטליך, און יצחק הארעוועט ׳י זאל ערשיינען אין צייט. ענדיגט ער די ארבייט אין דרוקעריי, לויפט ער צום איינבינדער, און שפעטער העלפט ער זי פערשפרייטען.

אט קומט חנוכה. ס'איז שוין ביי אונז א מנהג פון יאהרען צו מאכען חנוכה־לאטקעס ביי אונזערען א חבר אין „גבעת שאול" — א גרינס־קאלאניע, א שעה גאנג פון ירושלים. ווילט זיך זעהר אז צום יום־טוב'ל זאל ארויס דער פרישער נומער „האחדות", ס'ערשטע חנוכה־נומער. ארבייט מען ביי נאכט, שטעלט מען צו נאך אן ארבייטער. מ'יאגט. די נאכט פאלט צו, דער נומער איז שוין אין פרעס. די חברים זיינען אוועק אין „גבעת־שאול". איך בלייב ווארטען אויפ'ן נומער. יצחק איז אויך מיט מיר. געה חברה־מאן, רוה זיך אב. ווייס איך וואס? ! געפאקט די פרישע, מיט פארב און דרוק שמעקענדע בויגענס און מיר שפאנען צום איינבינדער. מיר ניעדערען אראב אין דער אלטער שטאדט, היפערען איבער פיעלע טרעפלעך, וואס פיהרען אין די שמאלע, שמוציגע פערשאטענע געסלעך און פליהען אריין צום איינ־בינדער. די ארבייטער זיינען שוין אוועק, ס'איז שפעט. ערשט מארגען אין דער פריה. א פיינער עסק, כ'לעבען. מ'מוז דאך כאטש א פאר צענדליג נומערען גלייך פארטיג מאכען. מילא, ניטא קיין ברירה. מיר מאכען ניט קיין שהיות, ווארפען אראב די רעקלאך, פערקאשערן די ארבעל, און די ארבייט געהט אן. ביי יצחק'ן ברענט עס אונטער'ן האנד. אט קנייטשט ער די בויגענס, פאקט אריין אין דער הילע, נייהט אויף דער מאשין און בעשניידט די ברעגעס. אהער א ווארף געטון א וויטצעל,

אהין א שמייכעל, גע'פטר'ט! מיר האבען די נומערען, און מיר לאזען זיך אוועק אייליג צו גבעת־שאול. צוערשט הויבען מיר זיך בארג ארויף העכער און העכער. מיר זייִנען פערשוויצט און לויפען. אט זיינען שוין די לעצטע הייזער פון שטאדט, דער מושב זקנים, דער משוגעים־הויז — א ווייטע וועלט האט זיך אויפגעדעקט. דורכ־זיכטיג און ווארעם איז חנוכה־נאכט אין ירושלים. טיעף בלויע זיינען די הימלען, וואס האבען זיך אויסגעשפרייט איבער אונזערע קעפ, און זיי זיינען אויסגעזעצט מיט מיליאנען העל־פינקעלנדע שטערען. אויף די בערג ארום און אין טאל אונטען ציינגען זיך און ווינקען פייערלעך. ס'בלאזט א פרישער ווינטעל. מיר שטעלען זיך אב. אונטען אין טאל ליעגט גבעת־שאול. איין הויז איז מעהר בעלויכטען. דארט איז אונזער חברה. מ'ווארט אויף אונז. איך גיב א קוק אויף יצחק'ן. ער איז אנ'אנדערער געווארען. אין זיינע אויגען שטראהלט אן ענטציקונג, א פרייד. אבער דאך געבראכט דעם נומער! ס'איז זיין שטיק ארבייט, אמת!

ס'טראגען זיך פון אונטען זינגענדע קלאנגען, מיר ווארפען א בליק ארום. שעהן און יום־טוב'דיג. מיר שפרינגען פון איין פעלז אויף'ן צווייטען, אריין אין צימער, די צייטונג אין האנד. א שטארקער, מונטערער „הידד" בעגעגענט אונז. לחיים! מ'כאפט א שנעפסעל, האנד צום אקסעל, א ניגונ'דעל, און דער עולם איז אין ראד. יצחק איז ארויס פון די כלים! ניטא זיין שעמעוודיגקייט און שווייגענדיגקייט. ער זינגט און טאנצט, און מיר חדוש'ען זיך אויף איהם: פון וואנען נעהמט זיך עס צום ירושלים'ער בחור אזוי פיעל לעבענס־לוסט, אזוי פיעל פרישקייט און מונטערקייט!

ס'איז אוועק א יאהר אנדערטהאלבען. די לופט האט א ציטער געטון. אין רעד־דאקציע פון „האחדות" בעקומען זיך טעלעגראמען, איינע דריקענדער פון דער אנדערער: אין סעדזשערא גע'הרג'ט א וועכטער. אונטערגעצונדען דעם שייער. אנגעפאלען אויף א אידישען רייטער. אין בית־גן געוואלט אונטערצינדען דעם שייער., אין מרחביה אונרוהיג. ס'וואקסט א געפיהל פון פערדרוס, ערביטערונג. ס'ציהט דאס הארץ אהין, צום גליל, נאהענטער צו דער סכנה. ניט שטעהן פון ווייטען. ניט לאזען פער'יתומ'ט די אידישע פעלדער... ס'שטיקט די שטאדטישע לופט. ס'פאלט די ארבייט פון די הענד. דארטען אין גליל ווערט פערגאסען אונזער בלוט, און ס'ווערען שיטערער די רייהען. דער חבר יוסף, וואס ארבייט אין דער דרוקעריי, ערקלעהרט, אז ער פאהרט אין גליל צו געהן וועכטעווען. יצחק שווייגט, נאר זיין מאטאווער פנים איז געווארען נאך טונקעלער, און דאס פייערל אין די אויגען שארפער. דורכגעגאנגען א טאג צוויי. יוסף איז שוין פארטיג צו פאהרען, ערשט פלוצים — יצחק פאהרט אויך. אין דער היים, די מאמע — וויל ניט, זי האט מורא. אזא צייט! ווער וויים, די שעה זאל ניט זיין. נאר יצחק איז אויף זיינס בעשטאנען. ער קען איצט מעהר ניט פערבלייבען אין שטאדט. ער וויל אין גליל זיין.

מיר פאהרען צום באהן. נו, וואס טהוט מען, ווענדעט ער זיך צו מיר, איך וויל זיך א נאמען געבען, און קאן זיך ניט געפינען. האסט זיך דאך שוין א נאמען גענעבען בן שפרה? ס'זאגט גארניט. איך וויל עפעס א נאמען, וואס זאל מיר בלייבען א זכר

פון דער לעצטער צייט, פון מיין ארבייט מיט אייער חברה. און ווידער שיינט מיר, אז ער איראניזירט איבער מיר. ער שטעהט אבער צו צו מיר. לעג איך איהם פאר דעם נאמען „אחדותי“. ס'דערמאנט אן דער דרוקעריי, אן דער צייטונג, אן דער אייניג־קייט פון די ארבייטער. יא, ס'געפעלט איהם. מ'קלינגט אין גלעקעל, דער צוג ריהרט זיך פון ארט, לאנגזאם, לאנגזאם, דרעהט זיך ווי א שלאנג, א קעהר אוועק אין א זייט, דער לעצטער וואגאן פערשוואונדען, און יצחק אחדותי איז שוין אויפ'ן וועג אין גליל.

ער איז נאך יונג געווען. ער איז אוועק אין דער קאאפעראטיווער ארבייטער־גע־נאסענשאפט אין מרחביה. אין א יאהר ארום איז מיר אויסגעקומען צו זיין דארטען. אין אווענד, ס'איז שוין נאך דער ארבייט, מיר זיצען אין קיך ארום די לאנגע טישען און מ'כאפט א שמועס איבער פאקטען און ערשיינונגען פונ'ם ארבייטער־לעבען. דער ברומט א ניגונ'דעל, יענער טופעט צו מיט א פוס. איז זוך יצחק'ן. ער איז אונטער־געקומען שפעט פון פעלד. איך האב איהם כמעט ניט דערקאנט. העכער געווארען, ברייטערע פלייצעס, א שטארקערע ברוסט, מענליכער, פערברענטער. ער איז דער ליעבלינג פון קאאפעראטיוו. א פלינקער ארבייטער, א הארציגער חבר און א לעבע־דיגער יונג האט ער זיך לייכט און שנעל איינגעלעבט אין דער ארבייטער־סביבה און אריינגענומען געווארען אלס מיטגליעד אין'ם קאאפעראטיוו. דא, איז מרחביה, איז ער אויך געווארען אנ'אפיציעלער חבר פון דער פארטיי. איהם ווילט זיך שטארק זיין אין ירושלים, זיך זעהן מיט די אנדערע ארבייטער פונ'ם אלטען ישוב, פעראינטערע־סירען זיי מיט דעם נייעם דארפישען לעבען. ער פיהלט זיך גוט. די ארבייט שטארקט איהם פיזיש און גייסטיג. מ'דארף זעהן שיקען אהער וואס מעהר בעוואוסטזיניגע ערנסטע חברים—ס'איז דא פיעל צו טון און ווירקען. שוין ניטא אין איהם קיין שפור פונ'ם אמאליגען זעצער. א נייער מענש. און אייגענטליך פאנגט ער דאך ערשט אן צו לעבען.

דער ערשטער מאי אין ירושלים. פערזאמלונגען ביי די תימנים. ביי די אשכנזים, א גרויסער מאס־מיטינג אונטער'ן פרייען הימעל, ס'איז גוט צו רעדען אין ירושלים ווע־גען דער נייער וועלט פון ארבייט און פרייהייט. ווייס, מיט לבנה־שיין בעגאסען, איז די נאכט, דורכזיכטיג און פריש איז די לופט. דאסווארט פון סאציאליזם קלינגט אזוי שטאלץ אין העברעאיש, און דער עולם הערט זיך איין און פערגאפט. נאך די רעדעס הילכען רעוואלוציאנערע ארבייטס־ליעדער, ס'וועקט זיך א שטארקער געפיהל פון אר־בייט און שאפען, ס'וואקסט די שמחה — א מאי־נאכט אין ירושלים. און לסוף א רקוד'ל. אלע האבען זיך בעהעפט און צונויפגעפלאכטען, ס'בעוועגט זיך א מענשען־כוואליע, די טענער ווערען שטארקער, די פיס ריהרען זיך פלינקער, די פנימ'ער שטראהלען פון פרייד, דאס אלטע ירושלים איז פער'חדוש'ט, — נייע מענשען, נייע ליעדער, נייע צייטען — א נייע וועלט שאפט זיך. אין יפו איז דער מאי־יום־טוב ארויס נאך געהויבענער. מעהר ארבייטער, אינ'ם אייגענעם ארבייטער־קלוב, געסט פערטרעטער פון דער אלוועלטליכער פועלי ציון בעוועגונג. איז קאנקרעטער די איי־ניגקייט פונ'ם אידישען ארבייטער־קלאס, ווערען קלארער זיינע רעוואלוציאנערע אויפגאבען אין דער גאנצער וועלט.

# יזכור

פלוצים א טעלעגראם פון גליל. יצחק אחדותי איז טויט. געפיהרט דעם ערשטען וואגען תבואה פון'ם ערשטען שניט אין דער ערשטער קאאפעראטיווער ארבייטער־גענאסענשאפט אין דעם ערשטען דארף אין עמק יזרעאל — האבען די מויל־אייזלען צוטראגען בארג אראב, האט ער זיך אראבגעגליטשט אויפ'ן וועג, און די פרדות מיט'ן שווער־אנגעלאדענעם וואגען זיינען איבער איהם אריבער. האט זיין בלוט פערגאסען די געשניטענע אידישע תבואה.

געלעבט — געארבייט. געשטארבען — דארף די ארבייט פארטגעזעצט ווערען. זיינע ירושלים'ער חברים זיינען מקנא זיין לעבען, און זיי פערלאזען די פינסטערע שמו־ציגע געסלעך, די שטאדט, און זיי געהען אין גליל.

איך בין ווידער אין מרחביה. איך געה צו יצחק'ס חבר. כ'קלעטער אויפ'ן „קליינעם חרמון". אט באלד ענדיגט זיך דער אידישער באדען. איך שטייג העכער און העכער. ס'עפענט און ס'ברייטערט זיך אויס פאר מיר דער עמק יזרעאל. די בערג, וואס נעהמען און צאמען איהם ארום, רוקען זיך אוועק. א גרינער בליהענדער פעלד. אן ווייסט זיך א שטיין איבער מיר. איך שטעה שוין ביי איהם. פה נקבר יצחק אחדותי... דער ערשטער אידישער קבר אין עמק יזרעאל. האט שוין מרחביה אנ'אייגענעם בית־עלמין. ווערט היימישער, בעוואוינטער דער פלאץ. וועט זיך אר־בייטען געשמאקער. וועט דאס פערגאסענע בלוט ניט לאזען רוהען, און די האנד וועט זיין זיכערער.

געשטארבען אחדותי, געבליבען דער נאמען. דערמאנט אן דער צייטונג, דערמאנט אן דער אייניגקייט פון די ארבייטער.

זרובבל.



# צווישען זאַנגען

(זכרונות וועגען יצחק אחדותי)

די נאַכט איז געווען אַ זומערדיגע, אַן אויסגעשטערנטע. אויבען איז געשוואומען אַ פולע, העלע לבנה און בעשיינט די ברייטע פעלדער פון מרחביה. ס'האָט אַ בלאָז געטון אַ קיהלער ווינטעל און די פולע זאַנגען בעוועגט. אין דער לופט האָט זיך גע־טראָגען אַ געשמאַקער ריח פון פולע צייטיגע זאַנגען, וואָס האָבען זיך הויך איבער'ן פעלד אויפגעהויבען און זיך שוין גענומען בייגען צו דער ערד.

עס איז געווען אַ פּאָר טעג פאַר'ן שניט.

אויף אַ קליינעם שטעגעלע אָן אַ זייט פון דער מרחביה'ר אַרבייטער הייזעל בין איך מיט יצחק'ן אַרומגעגאַנגען און געשמועסט, דערמאַהנט זיך אַמאָליגע טעג.

ס'איז שוין געווען אַ פּאָר שעה אין דער נאַכט און דאָס קליינע מרחביה'ר אַרביי־טער־געזינדעל האָט שוין לאַנג גערוהט נאָך דעם הייסען שווערען אַרבייטס־טאָג.

— נו, יצחק, ווי געהט עס דיר דאָ, אין מרחביה ?

נאָר יצחק האָט ניט געענטפערט. בלויז אַ שמייכעל געטון, אַ שמייכעל פון צופריעדענהייט. מיר זיינען געגאַנגען. דאָס געשפּרעך האָט אונז פערפיהרט ווייט־ווייט פון דאַנען.

אַט זעה איך איהם, יצחק'ן, אין יענע ענגע שמוציגע געסלעך פון ירושלים, פערראומערט, בעטריבט. ער בלאָנקט אַרום איבער דער אַלטער שטאָדט. ער זוכט אַרבייט. שווער צו געפינען אין ירושלים. נאָר — ער געפינט . ער אַרבייט. אַ פינסטערע, שמוציגע דרוקעריי. די געשטיקטע לופט וויל פער'סמ'ען זיין יונגיקען קערפּער, און אַ טיעפער טרויער בעהערשט איהם. נאָר אַט — נייע חברים. נייע ליעדער, אַ רוף צו אַ פרייען געזונטען לעבען ביי דער ערד פון דעם פאַטערלאַנד. און יצחק פערטראַכט זיך ניט לאַנג. עס ציהט איהם, דעם יונגען קינד פון דער אַלטער שטאָדט, אַרויס פון די שמאָלינקע געסלעך, אַרויס צו דער פרייער נאַטור. ער איז דאָך נאָך אַזוי יונג, אַזוי פריש און מונטער. איז דען נישט זיין אָרט דאָרטען, צווישען די פעלדער ? !

איך עפען אויף מיינע אויגען — יצחק צווישען די זאַנגען פון מרחביה...

די לבנה האָט שוין געהאַנגען ניעדעריג אויפ'ן האָריזאָנט. ווי דער ליעבער כנרת, איז דער עמק יזרעאל געלעגען צושפּרייט און זיך שטיל געשושקעט מיט זיינע פולע זאַנגען. יצחק האָט זיך צופלאַמט — שוין ניט דער יצחק פון ירושלים.

— פערשטעהסטו מיך, פריינד, ניט אַזוי גרינג איז מיר אָנגעקומען, ביז איך

האב זיך צוגעפאסט, שווער איז געווען, די ארבייט א שווערע, איינגאנצען ניט קיין בעקאנטע פאר מיר. די היץ גרויס — און איך בין דאך פון א שטאדט אנגעקומען. פרעמד פון דאס אלץ. אין די דושנע דרוקערייען אין ירושלים ווען האב איך די זון געזעהן? נאר איך האב זיך צוגעוואוינט. איך האב זיך מיט דער ערד פערבונדען און די ארבייט איז מיר גרינג געווארען, איך האב די זון דערשפירט און די היץ איז מיר ליעב געווארען. איך בין שוין געווארען א בירגער, א תושב פון דעם עמק יזרעאל. און די ליידען ווען זיי קומען און די שווערינקייטען — איך האב אין זיי א גרויסע, א הייליגע טרייסט — אט דאס אלץ איז אונזערס.

יצחק האט א מאך געטון מיט דער האנד אין דער לופטען, בעווייזענדיג די געגענד ארום. אין זיינע שווארצע אויגען האט זיך נאך העלישער דאס פייער'ל אנגעצונדען.

—און גוט איז מיר געווען ווי קיינמאל ניט פריהער. איך האב געפיהלט, אז איך פערמאג דאס, צו וואס איך האב אזוי פיעל געגארט. נאר — מיט אמאל איז עס אנדעריש געווארען.

געווען איז דאס אין איינע פון די ווינטער־נעכט ביי אונז. אין דרויסען איז געגאנגען א רעגען. אין מיין קליינעם חדר'ל זיינען מיר אויף א ראגאזשע געזעסען — עטליכע יונגע ארבייטער־חברים. מיר האבען גערעדט וועגען ארבייט, וועגען לעבען. נאר דא האט זיך דוד דער גאליציאנער צופלאמט: — וואס ווייסט איהר, וואס ווייסט איהר פון ארבייט?ווארט, עס וועט קומען דער שניט און דער שייער וועט אנגעפילט ווערען מיט אונזער פרוכט — ערשט דאן וועט איהר פיהלען וואס אונזער ארבייט בעטייט. דוד דער גאליציאנער האט לאנג ניט אויפגעהערט צו ריידען — ער האט אלץ דערצעהלט וועגען דעם שניט. אלע חברים האבען איהם גוט צוגעהערט. און פון דאן אז, מיין פריינד, רוהט אין מיר ניט מיין בלוט — זאל שוין קומען דער שניט, זאל ער קומען! — נאך א פאר טעג און ער וועט שוין קומען.

יצחק האט אויפגעהויבען זיינע שווארצע אויגען פון די זאנגען און אין מיר זיין יונגען דורכדרינגענדען בליק ארייננעשטאכען.

— בלייב דא, בלייב דא מיט אונז ביז'ן שניט. דער ערשטער אידישער שניט אין דעם עמק יזרעאל, אין א ו נ ז ע ר מרחביה. פריה, מיט'ן מארגענשטערען, וועל איך צו דער ארבייט ארויסגעהן, און ווען מיר וועלען אלע ווי איינער דעם גרויסען וואגען מיט תבואה אנפילען, — דאן וועל איך אויבען ארויף, אין דער הויך, איך וועל נעהמען די לייצעס אין האנד און וועל פיהרען אונזער ערשטען וואגען תבואה צום שייער.

מיר זיינען נאך לאנג ארומגעגאנגען אויף'ן שטענגעלע וואס הינטער דעם ארבייטער הייזעל. עטליכע מאל האט אונז מאיר'קע דער פעלדוועכטער בעגעגנט, און איז לאנגזאם טריט ביי טריט אויף זיין הויכער שטאלצער „אצילה" פערביינגעריטען.



יצחק האט שוין מעהר ניט גערעדט, — ס'איז שוין געווען שפּעט אין דער נאכט. די לבנה איז שוין לאנג פערגאנגען. א פינסטערניש איז געהאנגען איבער'ן עמק. מיר האבען זיך ביידע אויפ'ן דאך שלאפען געלעגט. איך בין נאך לאנג ניט איינגעשלאפען. אין מיין פאנטאזיע האבען זיך פערשיעדענע בילדער געפלאנטערט. נאר יצחק איז באלד איינגעשלאפען. איהם האט דער שארך פון די זאנגען פערוויעגט...

* * *

גיך ווי דער ירדן צווישען די בערג, לויפט דורך די צייט ביי דעם גליל־אר־בייטער. מיט'ן פיאש, מיט'ן אקער־אייזען פערטרייבט מען זי דארט. און די פּאר טעג זיינען גיך דורכגעלאפען, ס'איז געקומען דער שניט.

יצחק האט אויסגעפיהרט זיינס. בעגינען איז ער צו דער ארבייט ארויס. און ווען דער ערשטער וואגען איז געווען אנגעפיהלט, איז יצחק ארויפגעשטיגען הויך, אויפ'ן שפּיץ פון'ם תבואה־הויפען, האט גענומען די לייצעס אין האנד און ער האט געפיהרט דעם ערשטען אידישען תבואה־וואגען אין עמק יזרעאל.

אבער דער וואגען האט זיך איבערגעקעהרט. און דארט, אונטער דעם גרויסען הויפען תבואה, האט זיך יצחק געזעגענט מיט זיינע חלומות אויף אייביג, אייביג.

אבטליון



## חבר דוד סאחאראָוו

אכט יאָהר געארבייט אין לאנד,
געפאלען אויף דער וואך אין ראשון
לציון, תשעה באב, תרע"ב.




א יונגעל פון זעכצעהן יאהר איז ער געוועזן בשעת ר'איז געקומען אין ארץ ישראל. און אכט יאהר האט ער אין לאנד פערבראכט — ביי דער פעלד ארבייט אין די קאלאניעס אין יהודה, מעהרסטענס אין ראשון לציון. א לאנגע צייט האט ער אויך געארבייט אין דעם גרויסען ראשונ'ער וויין קעלער. זומער פלעגט ער אויך געהן וועכטען אין די כרמים.

די וואך איז ראשון לציון אין דאן געוועזן אנ'אראבישע, ווי אין אלע יהודה'ר קאלאניעס. בלויז רחובות האט מיט א יאהר צוריק אנגעשטעלט אידישע וועכטער — דעם „השומר". אין איינינגע ערטער איז די וואך געוועזן „א געמישטע" — פון אראבער און אידען צוזאמען.

אמערסטענס האט זיך די געמישטע וואך פראקטיצירט אין די כרמים. דער סעזאן פון די טרויבען — דער „בציר" — פאדערט א סך הענד, די ארבייט ברענט, און ווילענדיג ניט ווילענדיג מוזען אפילו די קאלאניסטען וואס בעשעפטיגען אימער פרעמדע ארבייטער אנקומען צו אידישען וועכטער.

ס'האט אבער ניט לאנג גענומען — און פאר די אידישע ארבייטער איז קלאהר געווארען די געפאהר פון דער געמישטער וואך. לייכט איז זיך אויסצוהיטען פון דערוויסענדיגע גנבים און רויבער — אבער דער פרעמדער וועכטער איז א גאנצע נאכט ארום און וויים אלע טריט פון זיינע מיטוועכטער. און לייכט איז צו בעפאלען אונגעריכטערהייט אין א פינסטערער נאכט. און א קרבן פון דער געמישטער וואך איז געפאלען דוד סאחאראוו.

תשעה באב, תרע"ב, האט מען סאחאראוו'ען געפונען אנ'ערמארדעטען אין זיין וועכטער־ביידעל, מיט'ן מעסער צונויפגעדריקט אין זיין טויטער האנד. זיין האלז איז געוועזן איבערגעשניטען. ווען מ'האט אין דער פריה אנגעהויבען זוכען די מערדער —האבען די טריט אוועקגעפיהרט אין דער נאהענטער מקוה ישראל, צו דעם אראבישען וועכטער....

* * *



חבר משה טייך

פון דראָהאָביטש, גאַליציע. צופעליג פערוואונדעט זיך ביי דער וואַך אין בורדזש, נעבען זכרון יעקב און געשטאָרבען אין דריי טעג אַרום, ד׳ תשרי, תרע״ג.




נאך אלס קינד פון 12—13 יאהר האט ער זיך שוין בעטייליגט אין זיין געבורטס־שטאדט דראהאביטש (גאליציע) אין אלע ארבייט וואס האט געהאט א שייכות מיט ארץ־ישראל און פועלי ציוניזם. ענדיגענדיג די נארמאל שולע איז ער געווארען א האנדעלס־אנגעשטעלטער. נאך אנ'ארבייטס טאג אין געשעפט פלעגט ער זיך צוזאמענקומען מיט די חברים און ·חלומ'ען וועגען ארץ ישראל. „מיר, פועלי ציון, פלעגט ער זאגען, מוזען מיט טהאטען דערווייזען די הייליגקייט פון אונזער אידעאל." און ער האט ניט לאנג געווארט צו דערווייזען דאס מיט דעם אייגענעם טהאט.

ווען ער איז געקומען אין ארץ ישראל, איז ער אין גאנצען אלט געווען 15—16 יאהר. און טראץ זיין פרישער יוגענד איז ער געווען איינער פון די בעסטע ארבייטער און איבערגעגעבענסטע פועלי־ציון אין ארץ ישראל. ער האט פיינד געהאט צו וואנדערען פון איין קאלאניע אין דער צווייטער, און האט די גרעסטע צייט פון זיין אין ארץ ישראל — פערבראכט אין זכרון יעקב. ער האט זיך ניט אבגעשטעלט פאר די שווערסטע ארבייטען און הארטעסטע לעבענס־בעדינגונגען. אין בורדזש, א דארף וואס בעלאנגט צו זכרון יעקב, האט ער מיט א גרופע ארבייטער א גאנצען ווינטער פערבראכט אין די אראבישע „חושעס" — פרימיטיווע ליימערנע הייזקעס — אהן אירגענד וועלכער מעבעל, אהן בעט און בעט געוואנד. און ער האט זיך געפיהלט גליקליכער ווי אין די בעקוועמליכערע צימערען פון דער היים אין גאליציע. און דא, בעוואכענדיג דעם שייער פון בורדזש, איז ער דורך א צופאל געשטארבען אויף זיין פאסטען.

עס איז געוועזען שבת פארטאג, אויף מארגען נאך ראש־השנה ה'תרע"ג. נאך דער וואך־נאכט איז משה געגאנגען שלאפען. צופעליג האט זיך איהם פערטשעפעט דער רעוואלווער און פון זיך אויסגעשאסען. די קויל איז אריין אין בויך און ארויס דורך די נירען. א פארבייגעהענדער אראבער האט עס דערזעהען און אנגעזאגט אין קאלאניע. מען איז געלאפען פון זכרון קיין בורדזש, עס איז שוין אבער געוועזען צו שפעט: אויף'ן וועג האט מען געטראפען א וואגען מיט משה'ן אין א געפעהרליכען צושטאנד. משה האט קוים בעוויזען צו דערצעהלען ווי עס האט מיט איהם פאסירט.

די גאנצע מיה פון דעם דאקטאר איז געווען אומזיסט: זונטאג דעם 4־טען תשרי איז משה טייך געשטארבען נאך שווערע יסורים.



חבר מאיר חאזאנאָוויטש

פון מינסק, א גרינדער פון „השומר“, בשעת אנ׳אנפאל אין מרחביה האָט איהם געטראָפען א קויל, פון וועלכער ער איז געשטאָרבען ל"ג בעומר, תרע"ג.




(ביאגראפישע נאטיץ)

דער ליעבלינג פון זיינע חברים וועכטער און איינער פון די בעסטע איבערגעגעבענסטע ארבייטער און פעהיגסטע רייטער און שיסער אין ארץ ישראל — איז געוועזן דער פריהצייטיג געפאלענער מאיר חאזאנאוויטש.

אין אנ׳ארים אידיש געסעל אין מינסק האט מאיר פערבראכט זיינע ערשטע קינדער יאהרען. שוין אין חדר און תלמוד תורה, וואו ער האט געלערנט עטליכע יאהר, איז מאיר געוועזן דער ליעבלינג פון זיינע יונגע חברים — די חדר אינגלעך. אין אלע זייערע שפיעלערייען און שטיפעריי אין איז ער געוועזן די נשמה. מיניע די אלמנה, אדער מיניע די פאפיראסניצע, ווי מ׳האט גערופען מאיר׳ס מוטער, האט אנגעקוואלען פון איהר געראטענעם זוהן וואס איז אזוי בעליעבט געוועזן ביי אלע. און זעהר אומעטיג איז געווארען אלע בעקאנטע, ווען פלוצים איז געקומען צופאהרען א אידענע פון באקו און האט מאיר׳ן גענומען מיט זיך, צו ווערען דארט א לערן־אינגעל אין א שניידערשען ווערקשטאט.

אין באקו איז מאיר אויסגעוואקסען און באקאנט זיך מיט דער ציוניסטישער באוועגונג. דארט גיט ער זיך איבער מיט זיין גאנצער נשמה דעם אידעאל. גלייך ווערט ער בעוואוסט צווישען דער ציוניסטישער יוגענד מיט זיין מוטיגקייט, ליעבשאפט און איבערגעבענהייט צו דער בעוועגונג. ס׳גרינדעט זיך א ציוניסטישער יוגענד־פעראיין. וואו מאיר ווערט באלד דער לעבעדיגער גייסט. מאיר׳ס נאמען ווערט דארט אזוי אפט דערמאנט, פונקט ווי ער זאל זיין דער גרינדער און אנפיהרער פון פעראיין. זיינער א יוגענד־פריינד, וואס איז צוזאמען אויפגעצויגען געווארען אין די קינדער יאהרען מיט מאיר׳ן אין מינסק און אויך פערבראכט מיט איהם יענע יאהרען אין באקו, ה׳ פ. טוניק פון סינסינעטי, שרייבט וועגען איהם אין א בריעף:

„פאר די וואס האבען געוואוסט וואס פאר א „רעדנער“ און „אגיטאטאר“ מאיר איז — וועט זיין אונגלויבליך ווי אזוי האט זיך א פעראיין געגרינדעט אונטער זיין איינפלוס. מאיר אליין וואלט דאס ניט געגלויבט. אבער די וואס האבען געזעהען וויפיעל מאיר האט געדיענט אלס מוסטער וועלען דאס פערשטעהן. דען מאיר האט געהערט צו יענעם מין וואס ריידען ניט און אגיטירען ניט פאר זייערע אידעאלען, אבער וואס אין זייער אנוועזענהייט ווערט איהר אנגעצונדען מיט׳ן גרעסטען ענטוזיאזם. עס איז געוועזן גענוג צו הערען מאיר׳ן רעדען וועגען דעם, ווי ער וועט קומען אין ארץ

ישראל, ער וועט קויפען אנ'אראבישען פערד און ביקס און וועט זיך אוועקלאזען נאך די שונאים פון ישוב. זיין פנים האט דאן געשטראהלט מיט גלויבען און מוטה. ווען ער האט גערעדט, האט ער אימער געשמייכעלט מיט זיין בעזונדערען שמייכעל, און האט בשעת מעשה געקוקט אויף אייך מיט אזא הארציגען בליק, ווי ער וואלט אייך וועלען די נשמה אוועקגעבען..."

מאיר האט זיינע חברים בעגייסטערט ניט נור מיט זיינע חלומות און טיעפען ליידענשאפטליכען אידעאליזם, — נאר אויך מיט זיינע מוטהיגע טהאטען.

דאס איז געווען אין די פרייהייטס טעג. ווי אלע אנדערע רוסישע שטעדט אין יענער צייט — האט באקו געפייערט דעם זיעג פון דער רעוואלוציע. די שטאדט איז געווען כמעט וואהנזיניג פון פרייד: אלע הייזער זיינען געווען פערטונקען אין רויטע פעהנער, רעוואלוציאנערע ליעדער האבען געהילכט אין די גאסען, אונענדליכע דעמאנסטראציעס האבען זיך געצויגען ביי טאג און ביי נאכט: מיט אמאל, אויף'ן דריטען טאג איז די שמחה צושטערט געווארען. סאלדאטען האבען אנגעהויבען שיסען אין עולם. די פאליציי האט צוריסען די רויטע פעהנער און א שרעק איז בעפאלען די שטאדט. ידיעות וועגען די שרעקליכע פאגראמען זענען אנגעקומען איינע נאך די אנדערע. פאטריאטישע פראצעסיעס פון רוסישע און טאטארישע חוליגאנעס מיט די בילדער פון פערסישען שאך און רוסישען צאר האבען ארויסגערופען א פאניק אין שטאדט. אידען און ארמעניער האבען זיך געריכט אויף'ן פאגראם. די ארמעניער האבען זיך גענרייט און בעוואפענט. די אידען האבען אויך געמאכט פערזאמלונגען, גערעדט וועגען זעלבסטשוץ. ס'איז אבער כמעט גאר נישט ארויסגעקומען. ניט געווען קיין געוועהר, ניט געווען קיין מענשען וואס קענען זיך בעגעהן מיט געוועהר. בלויז א קליינע גרופע האט זיך ארגאניזירט און געשאפען געוועהר. צווישען זיי איז געווען מאיר. צום סוף האבען אויסגעבראכען די אונרוהען. צווישען די אידען איז געווארען א בהלה. מ'האט אנגעהויבען לויפען א היים. דאן איז מאיר, אין הויכע שטיוועל, אין א שווארצער טוזשורקע און א גרויסע פאפאכע, מיט א רעוואלווער אין האנד, ארומגעדרעהט זיך אין אידישען קווארטאל און אבגעפיהרט אהיים די דערשראקענע אידען, גרייט צו בעשיצען מיט זיין לעבען זיינע שוצלאזע ברידער.

א לאנגע צייט איז די שרעק געהאנגען איבער דער שטאדט. מ'האט זיך אלץ געריכט אויף א אידישען פאגראם. די גבירים האבען פעררופען אנ'אסיפה אין שול צו בעטראכטען וואס מ'זאל טון. ווען דער עולם, מעהרסט יונגע, איז זיך צוזאמענגעקומען אין שול — האט מען זיך ארומגעזעהן אז די בעאיינרופער פון פערזאמלונג זיינען ניטא. ס'האט זיך ארויסגעוויזען אז זיי, די פני, האבען זיך גאר פערזאמעלט בעזונדער, ביי א רייכען אידען אין הויז. מאיר איז באלד אהין אוועק מיט א גרופע יונגע. האט מען זיי ניט אריינגעלאזט. מאיר האט זיך אריינגעריסען און געשליידערט זיי אין פנים א פראטעסט פון פעראכטונג, און מיט די ווערטער האט ער געענדיגט: „איהר האט זיך אויפגעקליבען אהערצו אבצוקויפען דעם גובערנאטאר ער זאל אייך בעשיצען, און פאר די ארימע אידען ארט אייך ניט. גוט! גיט אונז פריהער געלד אויף געוועהר וועלן מיר

אליין פערטיידיגען די ארימע לייט, און דאן קענט איהר זיך בעהאלטען ביים גוברנאַ־טאָר אונטער'ן פאַרטוך".

* * *

די געשעהענישען אין באקו זיינען געווען פאר מאיר'ן נור אַנ'איינצעלנער, צופעליגער עפּיזאָד. ער האָט גע'חלומ'ט צו פערוואנדלען **זיין גאנצן לעבען** אין איין אונאויפהערליכען אקט פון נאַציאָנאַלער זעלבסטפערטיידיגונג, און ניט אין דער פרעמד, נור אין דער היים. אין דער ווייטער־נאָהענטער היים פון דער צוקונפט. און ער האט זיין לעבענס־חלום פערווירקליכט.

דעם זעלבען יאהר, אין 1906, איז ער אוועק אין ארץ ישראל. אין יהודה און אין גליל האט ער געארבייט, און דער שניידער פון באקו איז געווארען איינער פון די בעסטע פעלד ארבייטער אין די אידישע קאָלאָניעס אין ארץ ישראל. אבער מאיר האט זיך ניט געקענט בעפרידיגען בלויז מיט די ארבייט — און איז געווארען איינער פון די גרינדער פון השומר.

און אין די קליינע גרופּע פון די אויסדערוועהלטע, פון די איבערגעגעבענסטע, פון די העלדישסטע—איז מאיר געווען דער אויסדערוועהלטעסטער, דער איבערגעגע־בענסטער, דער העלדישסטער.

אכט יאהר איז ער געווען אין לאַנד — און פערנומען די שווערסטע און גע־פעהרליכסטע פּאָסטענס פון דער אידישער וואך און שטענדיג געווען פרעהליך און לוס־טיג. קיינער האט ניט געקענט בעסער פאר איהם זינגען און טאנצען.

זיין גאנצע נשמה און גרויסע ליידענשאפט האט ער ארייגעלעגט אין זיינע ליע־דער און טענץ. און ס'איז געווען אונמעגליך בייצוּוואָהנען די אנשטעקענדע קראפט און אימפּעט פון זיין זינגען. ס'איז געווען נענוג, אז מאיר זאָל אין מיטען דערינען, בשעת אלע ארבייטער זיינען געזעסען אין קיך און געהאלטען אין מיטען עסען — זיך מיט אמאָל אויפשטעלען און „צושפּיעלען". — גלייך זיינען די טעלערס אוועקגערוקט גע־ווארען אין א זייט, אלע — אויפגעהויבען פון די פלעצער און מ'איז צוגעגאנגען אין יענעם געזאַנג, וואָס מ'הערט נור צווישען די ארבייטער אין ארץ ישראל — א געזאַנג פול מיט ליידענשאפטליכע בענקשאפט פון איינזאמע טרוימער און קעמפּפער...

אין דעם ערשטען אידישען דארף אין עמק יזרעאל, וואס מאיר און זיינע חברים האבען מיט זייער בלוט און שוויים געוואונען פאר'ן אידישען פאלק — אויף בי פעלדער פון מרחביה איז מאיר געפאלען, און ניט אויסגעזונגענערהייד איז פער־שטומט געווארען א לעבענס־ליעד... אבער אייביג וועט זיך הערען זיין אָבקלאַנג אין די הערצער פון זיינע חברים...

ב. ל.

# יזכור

## מאיר חאזאנאָוויטש

(זכרונות)

דאס ערשטע מאָל האָב איך איהם בעגעגענט באלד נאָך זיין קומען, פארנאכט, שפּאצירענדיג מיט א חבר צווישען פּתח־תקוה'ער גערטנער.

זיין פיגור, זיין קליידונג, האָבען איהם ארויסגעגעבען העכער און קענטיגער פון די איבעריגע: עטוואס העכער פון מיטעלען וואוקס, שלאנק און ברייט־ביינערדיג. זיין הויכע, גרויסע קאווקאזער היטעל, פון א מין שווארצען פוטער מיט לאנגע האָר, האָט איהם געמאכט מיט צוויי קעפּ העכער פון אלעמען; זיינע שטיוועלעך אויף די פיס און די שווארצע, הארט צום קערפּער צוגעפּאסטע „טוזשורקע" האָבען נאָך מעהר בעטאנט זיין בראַוּוען אויסזעהן. זיין פּנים איז געווען פריש, לויטער און יונג.

מיר זיינען זיך צוזאמענגעקומען אויף דעם בערגעל אין דער זייט פון וועג נעבען א שורה הויכע קאליפּטוס־בוימער. דער נייער גאַסט האָט אויף מיר מיט מיין חבר געמאַכט דעם געוועהנליכען איינדרוק, וואס עס מאכען פערשיעדענע טיפּען, וועלכע קומען אַן אין ארץ ישראל פון ארבע כנפות הארץ. איינער פון די אָנגעקומענע געסט האָט זיך געאיילט אונז איבער'רעש'ען מיט א נייעס, אַז היינט איז אנגעקומען א שיף מיט א סך יונגע לייט. מיין חבר האָט קריטיש א שאקעל געטאָן מיט'ן קאָפּ און האָט געוואָרפען אויף דעם גאסט א טיעף דורכדרינגענדען בליק, וואס האָט געהייסען: וואס ביזטו און וואס קענסטו זיין פאר ארץ ישראל? ביזם דו א דורכפליהענדע פויגעלע, וואס שטעלט זיך דאָ אָפּ א רגע און פליהט ווייטער? אדער א פערבלאָנדזשעטע טויב, וואס האָט זיך אומגעקעהרט צו איהר טויבענשלאג? מאיר האָט דעם בליק גוט פערשטאנען, און מיט א דרעה פון זיין רעכטען אקסעל, א קוק אויף די טאלען און בערגלאך, בעוואקסענע און פערפלאנצטע, האָט ער צוריקגעוויזען און פערטריבען יעדען חשד פון שוואכקייט און אונענטשלאסענהייט.

אין דעם דונקלען בין השמשות, צווישען הויכע פּלויטען פון אקאציעס זענען מיר, די גאנצע חברה, געגאנגען צו אונזער אלטען חבר פון באקו. דער גאסט האָט דערצעהלט וועגען זיין ארבייט און זיין ארגאניזאציע, וועגען מיטינגען דורכגעפירטע מיט גוואלד אויף צו להכעיס דער רעגיערונג און פערבלאָנדזשעטע אידישע ארבייטער; וועגען זיין לעבען צווישען די גויים, און זיין ענדליכען בעשלוס צו פאָהרען קיין ארץ ישראל; עס איז איהם שווער געווען זיין אפּען צווישען די גויים, ד א ס ו ו א ס ע ר א י ז, און ער איז אוועקגעפאָהרען דעריבער קיין ארץ ישראל. אין זיינע ווערטער האָט זיך געפיהלט די גאנצקייט פון א געזונטער נשמה אין א געזונטען קערפּער.

נאָך א פערלויף פון א יאהר האָב איך איהם געטראָפען זומער־צייט אלס ארבייטער אין מטולה אין גליל העליון, וואו איך האָב אויך א שטיקעל צייט געארבייט. פארנאכט פלעגען מיר זיך צונויפקומען אויף דעם שטיינערנעם ברייטען וועג אין מיטען

דער קאַלאַניע. אַפּט פלעגן מיר זיך אָוועקזעצן אויף דער געמויערטער וואַנט, וואָס צאַמט אַפּ און בעפעסטיגט די קאַלאַניע, און דער שמועס פלעגט אַנגעהן איבער די טשערקעסן־וועכטער פון קאַלאַניע. דער שומר וועלכער איז ניט לאַנג דערשאָסען געוואָרען פון זיין אייגענער ביקס, וואָס האָט אַרויסגערופען טויזענד פּרושים, און איבער דער שאַנדע פון פאַרמידע שמירה. מאיר פלעגט אויסברעכען פון צייט צו צייט מיט אַ כעס און בייזע ווערטער און פאַרשעלטען דעם געביין פון די שוואַכלינגע, וואָס ערנידריגען אונז אין די אויגען פון אַלעמען. נאָר מעהר פון אַלעס פלעגען מיר ריידען וועגען די אָנפאַלען פון די דרוזען אויף דער קאַלאַניע אין פאַרשיעדענע צייטען און וועגען דעם העלדען־טויט פון די אידישע פּיאָנירען־קעמפּפער פון מטולה.

פון ווייטענס, דורך אַ לייכטען בלוילינכען נעבעל אין צפון האָבען אַרויסגעקוקט צוויי ווייסע שנעע פאַסען פון דעם חרמון און לבנון. לינקס פון זיי, נעהענטער צו אונז—אַ גרויסער דאָרף וועמעס שייכ'ס האָבען גע'שמ'ט פאַר די גרעסטע העלדען פון געגענד. אין מזרח זענען געלעגען מיט לאַנגע שורות העכערע און ניעדעריגע בערג פון גלעד, תמיד בעדעקטע מיט גרויען נעבעל ווי מיט אַ לעגענדאַרען טרויס. און פון דרום האָבען אונז שטילע ווינטעלאַך געבראַכט גרוסען פון אונזערע חברים, וואָס זענען צוזייט איבער די קאַלאָניען פון גליל און יהודה... דאָס אַלעס האָט געצויגען און גערופען דאָס יונגע האַרץ צו נעהמען אַנטייל אין דעם גרויסען קאַמפּף פון לעבען און האָט צוגעזאָגט אונענדליכען גליק.

אויף אַ הויכער קופּע בלומען, אונטער'ן טיעף בלאָהען, אויסגעשטערנטען הימעל, אין דער אינטימער שטילקייט פון דער היימישער נאַטור האָט מאיר געוועבט זיינע פאַנטאַזיעס וועגען אַ לעבען פון גבורות און העלדישקייט, טרוימען וועגען אַ יונגען קרעפטיגען, ,פייל־געשווינדען „פּעגאַס" און זיך — אַלס זיין רייטער און זיעגער מעכטיג מיט כח און געוועהר.

שעה'ן לאַנג פלעגען אַוועקגעהן אין טרוימען מכח די שעהנע פלענער און איך פלעג אימער דערמאַנען די ווערטער פון ביופאַנגען : „דער שעהנסטער נצחון, וואָס דער מענש האָט דערגרייכט, איז דער נצחון איבער'ן פערד". און דאָס יונגע אידישע האַרץ, וואָס פיהלט די שעהנקייט פון דער נאַטור און פון דעם מענשענס נצחונות, איז געוואַקסען פון טאָג צו טאָג אין מיינע אויגען.

אַ מתנה האָט מיר מאיר געשענקט אין יענע גליקליכע שטונדען, אַ ניגון, וועלכער האָט זיך געזונגען אַהן אויפהער, ווי נור מען האָט איהם אָנגעפאַנגען. און האָט זיך געצויגען אין אַ מאַנאָטאָנער הערצליכער התלהבות, אויסדריקענדיג אַ טיעפע בענקשאַפט צו דעם גרויסען מענשליכען נצחון פון פרייהייט און טריי האָב איך דעם ניגון געטראָגען צו אַלע פיהלענדע הערצער איבער גליל און יהודה.

דאָס דריטע מאָל האָב איך איהם געזעהן אין יבנאל וואוהין איך בין געקומען פון רגניה אויף מיין פערד וועגען אַ נויטיגען עניין. דאָס ערשטע איז, נאַטירליך, געוועזן געהן זעהן זיין „אסיליע" („אצילה" — אַ יחוס־פערד ביי די אַראַבער). די „אסיליע" איז געוועזן זעהר שלאַנק, הויך און האָט געהאַט אַ וואונדערבאַרען קאַ־

ליר. צערטליך גלעטענדיג זי איבער'ן האלז אלס אן ענטפער אויף איהר דרעה און שנארען מיט דער נאז, ווענדעט ער זיך צו מיר א קענטיגער פרייד: „נו, וואס זאגסטו?" און ניט ווארטענדיג אויף מיין ענטפער האט ער מיר גלייך אויסגע־חשבונ'ט איהר גאנצען יחוס־אבות. ער האט ארונטערגענומען פון איהר די דריי־פוסיגע פענטע און האט זי ארויסגעפיהרט פאר מיר אין הויף. די אסיליע האט געשטעלט איהרע טריט עלעגאנט און קאקעטיש, און איהר פעררייסענעם קאפ מיט אויפגעשטעלטע אויע־רען און ברייט־אפענע בלויע אויגען האט זי געדרעהט אין אלע זייטען גלייך ווי זי וואלט וועלען זעהן דעם פרייד־אויסדרוק פון איהרע ליעבהאבער. מאיר האט באמת הנאה געהאט פון איהר שעהנקייט. ער האט ניט פערלארען קיין איינציגע בעוועגונג איהרע, ער האט זיך פערגעסען אויף דעם שעהנעם ליכטיגען טאג, אויף מיר, און, געוויס, אויך אויף זיך אליין...

ווען נאך א קליינעם „דור" (שפאציער) איבער די פעלדער, זענען מיר פארטאג געקומען אין שטוב, האט מאיר אויסגעשפרייט א ראגאזשע אויף דער טעראסע און זיך געגומען זידען קאפע אויף דעם שוואכען פייער פון אן אלטמאדישער ספירט־מאשינקע. אין מזרח, פון אונטער די בערג, האט זיך אויפגעהויבען דער מארגען־שטערען און מיט זיין ווייט שלאגענדער שיין האט ער געזוכט צו טרעפען די סודות פון דער נאכט. מאיר האט פערצויגען דעם אראבישען „יא לייל" (די נאכט), וועלכער האט זיך געצויגען ווייט איבער די פעלדער און טהאלען און איז פערלארען געווארען צווישען די בערג אין דער פארטאגענדיגער פינסטערניש. ארומגעוויקעלט מיט זיין שווארצער אבאיע (אראבישען מאנטעל), מיט דעם אגאל (א וואלענער ביינעל) און קעפיע (א קאפ־טוך) פערבונדען דעם קאפ, זיצענדיג אנגעשפארט אין דער וואנט האט ער אנגעהויבען דעם שיר מיט א לאנגזאמען, רוהיגען, שטילען טאן. דער „יא לייל" האט זיך איבערגע'חזר'ט נאך יעדען פערז און האט אויסגעדריקט אלע וואונדער פון דער נאכט. היינטיגעס מאהל האבען די פערזען געקלונגען אזוי: „איל קאמער חיזום, איל פאראס סעהריע, ולמארא אמטיע", די דריי וואונשען פון דעם בעדואינער: „די לבנה זאל שטענדיג שיינען ווי א ציערונג אין הימעל, די אסיליע מונטער און די פרוי געהארכזאם". יעדער וואונש האט זיך ארומגערעדט אין א בעזונדער פערז, וועלכער האט זיך פערבונדען מיט דעם צוזאנג אין דעם זעלבען אונאויפהערליכען, מאנאטאנעם ניגון, וועלכער אין אבער געוואקסען אין קראפט פון דעם ערשטען ווארט פון פערז ביז דעם לעצטען ווארט פון צוזאנג און האט פערכאפט דעם אטעם פון זינגער און צוהערער מיט די לעצטע אויסגעצויגענע, פערלארענע אין דער טיעפער שטילקייט, טענער.

פערטראכט בין איך געזעסען און עס האט זיך מיר געדאכט צו זעהן אן עכטען אראבישען עקסטאטיק, לויט זיין שפראך, געפיהלען און אידעען, און א יאוש האט מיך אנגעכאפט: איך האב זיך געפרעגט, אויב מאיר'ס פאנטאזיעס פון מטולה, וואס זענען געוועבט אזוי נאאיוו און מיט אזעלכע שעהנע געפיהלען, הויבען זיך ניט אן צו פערווירקליכען, און אויב א געזונטער מענש, וואס פאדערט א גאנצען נאטירליכען

לעבען, מוז ניט איבערלאזען הינטער זיך אונזער צובראכענעם פערקריפעלטען לעבען, אום צו זוכען א תקון פאר זיך אין  פ ר ע מ ד ע  פ א ר מ ע ן . . .

איך בין געווען ווייט פון ארץ ישראל, ווען די צייטונגען האבען מיר געבראכט די טרויעריגע ידיעה פון מאיר׳ס טויט. און איך האב איהם פלוצים דערזעהן אין אן ארעאל פון הייליגקייט און ריינקייט, וואס וועט אייביג שטעהן פאר מיינע אויגען. און איך האב קלארער ווי אלע מאל פערשטאנען, אז דער געזונטער מענש, דער גבור, שפאלט א ים פון ווידערשפרוכען, טראגענדיג אין זיך פערבארגען א הייליגען און פאלקאמען ציעל, וועלכער איז אונזיכטבאר פאר דער אויג פון דעם געוועהנליכען בע־אבאכטער: אונזערע ציעלען זענען צו הויך, אונזערע מיטלען צו קליין, און ניעדריג ביי דער ערד, אונזער בליק צו פלאך און שוואך, און שווער איז אונז צו זעהן און פערשטעהן די שעפפערישע קראפט בשעת יצירה.

נור דער בויענדער כח קען גובר זיין די שווירינקייטען, וועלכע שטעהען פאר די אלע, וואס טראגען הויך דעם ציעל צווישען די קליינינקייטען פון לעבען. מאיר האט עס געטון בעסער פון אנדערע, הגם זיין אויפגאבע איז געוועזען פיעל שווערער, ווארום איבערנעהמענדיג לפנים די אויסערע פארמען פון אראבישען לעבען, האט ער ניט ווילענדיג געשטעלט אין געפאהר זיין אינערליכען איך, אלס איד. עס האט זיך אמאל געקענט דוכטען, אז ער פאלט אריין אין תהום פון א פרעמדער, אונפריינדליכער אטמאספערע. ער האט זיך אבער אראפגעלאזען אהין נאר צוליעב קענען העכער ארויפ־ברענגען זיין אייגענע מענשליכע און אידישע אינדיווידואליטעט, כדי דערמיט בעסער צו בעזיעגען די ארומיגע ווילדע בארבארישע סביבה.

אהרן אסטראווסקי



# „מאיר׳קע“

### א. די „טשערדע“

א שטיק צייט האב איך אלס וועכטער צוזאמען מיט מאיר׳קען פערבראכט אין גליל און זיך שטענדיג גע׳חדוש׳ט פון וואנען שעפט מאיר׳קע זיין ריעזיגען כח, וועלכער שפירט זיך אין אלע זיינע העלדענטהאטען, מיט וועלכע ער האט זיך אזוי בעריהמט געמאכט איבער דעם גאנצען גליל, פון דער כרמל ביז צום חרמון. און בעריהמט געווארען איז מאיר׳קע נישט בלויז צווישען די חברים און די קאלאניסטען, נאר אויך צווישען מעהרערע אראבער, וועלכע האבען זיין כח בעוואונדערט און פאר איהם מורא געהאט. פאר מיר איז דאס קלאהר געווארען בעת׳ן אנפאל אויף דער „טשערדע“ פון דער קאלאניע יבנאל, וואו מאיר׳קע איז פערוואונדעט געווארען, און שוין פערוואונדעטערהייד מעהר פון אלעמען אנטייל גענומען אין אפשלאגען דעם אראבישען אנפאל.

ס׳איז געווען א שעהנער זומערדיגער נאך־מיטאג: מיר, די וועכטער, זענען ערשט וואס פון אונזער שלאף אויפגעשטאנען, אבגעטרונקען קאפע און געזעסען אויף דער ערד. מיר האבען צוזאמען מיט מאיר׳קען געשמועסט וועגען דעם, ווי נויטיג ס׳איז צו פערשטארקערען די קאלאניע־וואך, ווייל דער שייך מיט זיינע אראבער גרייטען זיך צו אן אנפאל אויף יבנאל. ריידענדיג אזוי, האבען מיר מיט אמאל דערהערט א געשריי אין קאלאניע. א טומעל און א גערודער. די קאלאניסטען שרייען: וואו זיינען די וועכטער? מיר האבען זיך אויף גיך אנגעטון, דאס געוועהר אנגעלאדען, ארויסגעלאפען אין פעלד און דערזעהן ווי אראבער טרייבען די קאלאניע־טשערדע צום ירדן זייט, און די קאלאניסטען קוקען צו שווייגענדיג. זיי האבען זיך אין גאנצען פערלארען אין דעם מאמענט און געווארט וואס די וועכטער וועלען טון.

דער ערשטער וועכטער פון אונז אויף דעם פערד איז געווען מאיר׳קע מיט זיין „אבו־חאמסע“ (אזוי פלעגט ער רופען זיין פינפער־מארטין־ביקס) אויף זיינע ברייטע אקסלען. מיט׳ן שטענדיגען ליעבען שמייכעל אויף זיינע ליפען, מיט זיין נאאיווען קוק פון א קינד אויף די אלע וועכטער און קאלאניסטען האט ער זיך אזוי ווי א ווינד־צוג פייל־אויס׳ן־בויגען אוועקגעלאזט דער ערשטער נאכיאגען די אראבער־רויבער וואס האבען געטריבען די אידישע טשערדע, דאס ביסעל אייגענע אידיש האב און גוטס וואס די קאלאניע האט נאך אזוי פיעל מיה, מיט אזוי פיעל צער אויפגעהאדעוועט. נאך מאיר׳קען האט זיך באלד א לאז געטון די גאנצע קאלאניע, ווער רייטענדיג אויף פערד, ווער אויף פרדות און ווער צו פוס. אלע זיינען געלאפען נאך דעם פיהרער מאיר׳קען, איהם מיטצוהעלפען אין זיין קאמפף מיט די אראבער־רויבער. מאיר׳קע, נאך זייענדיג איינער אליין אויף׳ן פעלד, האט נישט לאנג געקלעהרט און מיט גרויס העלדישקייט האט ער זיך אריינגעלאזט אין קאמפף מיט די אראבער אפצונעהמען ביי זיי די „טשערדע“.

ווען איך בין דער צווייטער נאך איהם אנגעלאפען, האב איך שוין געטראפען מאיר'קען אויסהאלטענדיג גלענצענדיג זיין ערשטען צוזאמענשטויס. מיט די ערשטע צוויי שאסען פון'ם „אבו-חאמסע“ האט ער אוועקגעלעגט טוידט איינע פון די אראבישע בעסטע, טייערסטע שקאפעס, אן „אצילה“, וואס שטאמט פון גרויס יחוס און ווערט דעריבער געשאצט ביי די אראבער פיעל טייערער ווי די יונגסטע שעהנסטע פרוי. דער דאזינער פאל האט אבגענומען דעם מוטה און אבגעשוואכט דעם קוראזש פון די אראבער, אבער דער געפיהל פון נקמה האט זיך ביי זיי צוהיצט און זיי האבען אנגעהויבען האגלען מיט קוילען אויף מאיר'קען. איין קויל האט איהם געטראפען אין פוס. אין דער צייט איז שוין די גאנצע קאלאניע געוועזען אין פעלד אין קאמפף. לאנג האט עס גענומען ביז מיר האבען זיך איינגעבעטען ביי מאיר'קען, ער זאל גלייך פאהרען צוריק אין קאלאניע ארויסנעהמען די קויל פון פוס און די וואונד איבערבינדען. זיינע קליידער, צוזאמען מיט דער שקאפע, זיינען שוין געוועזען שטארק בעפלעקט פון זיין אייגען בלוט, און דאך האט ער זיין ביקס אויף איין ווייל פון האנד נישט ארויסגעלאזט און ס'איז אונמעגליך געווען איהם איבערצוריידען.

— גזלנים, וואס איהר זענט, — האט ער צו אונז געשריגען, — וואס לאזט איהר מיך נישט ענדיגען די ארבייט. מ'מוז דאך די טשערעדע אפנעהמען. מיט מאטערניש האב איך איהם ווי עס איז קוים בעאיינפלוסט צו פאהרען מיט מיר צוריק אין קאלאניע. מיר זיינען געקומען אין קאלאניע-אפטייק, מען האט איהם אפגעוואשען די וואונד, ארויסגענומען די קויל, ארומגעבונדען די פוס, אין בעט איהם ארייגעלעגט און אנגעזאגט איהם צו ליגען שטיל, נישט ריהרען זיך פון ארט. איך האב איהם בערוהיגט ווי עס איז ער זאל ליגען, אבער נישט מאיר'קע איז פון יענע רוהיגע וואס וויל איינליגען אין בעט, ווען אין פעלד קומט פאר א קאמפף פאר אידישער עהרע. אין א רגע ארום, ווען די שיסעריי פון פעלד האבען צו זיינע אויערען דערגרייכט, האט ער זיך א הויב געטון און א שפרונג־אויף געגעבען מיט אזא ריעזיגער קראפט פון בעט, פונקט ווי ער וואלט געלעגען אויף גליהענדע קויהלען, ארויסגעלאפען מיט זיין פערבאנדראזשירטער פוס אין גאס אריין, ארויפגעכאפט זיך שנעל אויף זיין שקאפע און מיט א שטארקען געשריי: נקמה! נקמה! האט ער זיך געלאזט לויפען צוריק אין פעלד. ער האט זיך ווידער אוועקגעשטעלט צווישען די ערשטע קעמפפער, און גלייך בעפריעדיגט זיין נקמה־געפיהל. ער האט זיך גוט געציעלט און גוט געטראפען אין דער צווייטער אראבישער „אצילה“, וועלכע איז באלד טויט געפאלען.

די אראבער האבען זיך פערלוירען אויף א ווייל, און די אידען האבען אויסגענוצט דעם גינסטיגען מאמענט פון'ם צוזאמענשטויס. די גאנצע קאלאניע האט זיך גלייך ארויפגעכאפט אויף דעם העכסטען בארג, פערנומען די בעסטע קאמפפס-פאזיציע וואס פיהרט צום טהאל און פון דארטען אראבגעהאנעלט איבער די אראבער פון טהאל מיט א מבול-האגעל פון קוילען. צוליעב דעם אונערווארטעטען פלוצימדיגען שטארקען אנגריף האבען זיך די אראבער שטארק פערלארען און געווען געצוואונגען אבצוטרעטען פון דער גערויבטער קאלאניע־טשערעדע. מאיר'קע מיט נאך א פאר קאלאניסטען פון דער נאהענטער קאלאניע בית-גן האבען ווי געניטע פאסטוכער צונויפ-



געטריבען צוריק אין איין פּלאַן די טשערעדע וואָס איז זיך צולאָפען אין שרעק. מיט גרויס טריאומפף איז מאיר'קע מיט זיין פערוואונדעטען פוס אריינגעפאָהרען פאַרנאַכט אין די טויערען פון דער קאָלאָניע אויף זיין שעהנעם טייערען פערד, פיהרענדיג די אפּגעשלאָגענע טשערעדע. די גאנצע קאָלאָניע האָט האַרציג בעגריסט איהר העלד און דעם רעטער פון'ם אידישען כבוד. איך האָב זיך איינגעקוקט פון דער זייט אין מיין ליעבען טייערען חבר, און מיר איז קלאָר געוואָרען פון וואַנען מאיר'קע שעפּט זיינע וואונדער-ריעזיגע כחות. פון דער מוטער-ערד איז עס. מאיר'קע איז געוועזען פון די יעניגע חברים פון „השומר", וועלכע האָבען פיינד געהאַט תכלית-שנאה טעאַריעס און רייד, און וועלכע האָבען געשעצט נאָר טהאַטען און העלדישקייט, אָהן פּאָזע, אָהן קונצען. אַן אמת'ער אייניקעל פון אונזער אמאָליגען פּאַסטוך-נביא עמוס.

די אָקסען מיט וועלכע מאיר'קע האָט געאַרבייט אויף דעם פעלד האָבען איהם פיעל מעהר געלערנט ווי טויזענדער ביכער וואָלטען איהם געקאָנט לערנען, און דערי־בער האָט ער טאַקע אַזוי ליעב געהאַט אַלע לעבעדיגע בעשעפעניש און אַזוי געהאַסט ביכער און טעאַריעס.

ב. אין „וואַדי-פּערזשאַס".

נאָך איין מאָל איז מיר אויסגעקומען זעהן מאיר'קען אין זיין גאַנצער גרויס. דאָס איז געוועזען אין איינע פון די שעהנסטע זומערדיגע גליל-נעכט. איך מיט נאָך אַ חבר פון „השומר" און מאיר'קע, זיינען אין דרייען געפאָהרען צו אַ חבר אויף חתונה אין אַ אידישער קאָלאָניע ביים ירדן. אַרום האַלבע נאַכט, ווען מיר זיינען צוגעקומען צו דעם בעוואוסטען רויבער-טהאָל „וואַדי-פּערזשאַס", און שוין אריינגעפאָהרען טיע־פער אין איהם, האָבען מיר פּלוצלינג דערזעהן ווי אַנטקעגען אונז שניידען זיך שאַ־טענס פון עטליכע נאַכט-רויבער, מיט וועלכע דער טהאָל שווימעלט און גריבעלט, און מיט וועלכע ער איז בעריהמט געוואָרען. אין איין אויגענבליק שפּעטער זיינען שוין נעבען אונז אויסגעוואַקסען דריי אַראַבער — נאַכט-רויבער. דאָס ערשטע מיט וואָס זיי האָבען זיך צו אונז געווענדעט, איז געוועזען דער בעוואוסטער אַראַבישער „אַעטיני-סיגאַראַ" וואָס הייסט אויף פּשוט'ען לשון נישט מעהר ווי, „גיב מיר אַ ציגאַר", אָבער אין אמת'ן איז דאָס אַן אויסרוף אויף רויב אויף די וועלכע גיבען טאַקי פאַר שרעק אַ ציגאַר. מיר האָבען די אַראַבער-רויבער גאָר נישט געענטפערט. איין אויגענבליק האָט געדוי־ערט, און מאיר'קע איז אַרויסגעפאָהרען דער ערשטער אַנטקעגען די רויבער, און מיט אַ פעסטען קול פון ענטשלאָסענהייט האָט ער זיי געענטפערט, אַנשטעלענדיג דעם ביקס געגען זיי און אריינשטעקענדיג אין איהם אַ „ציגאַר": „תפאַדאַל-יאַ-שייך", און אַרויס־געלאָזט די ערשטע קויל אין דער לופט. אין דער זעלבער צייט האָט ער זיך צו אונז געווענדעט מיט זיין שטענדיגען שמייכעל: „חברים, וואָס זשאַלעוועט איהר זיי עפּיס סיגאַרעטליך, אַ ?" ווען מיר זיינען שוין אויך גרייט געוועזען צו געבען די רויבער אַזעל־כע פּאָר סיגאַרעטלאָך פון אונזערע ביקסען, האָבען די רויבער זיך דערשראָקען, גלייך געביטען דעם טאָן און מיט די אַראַבישע פּאַלשע, חיטרע רייד אָנגעהויבען טענה'ן אַז זיי קאָנען אונז פון לאַנג, און אַז מיר זיינען גאָר זייערע „עסחאַב", דאָס הייסט זייערע

בעסטע גוטע פריינד און זיי זיינען גאר ארויסגעפאהרען אונז אנטקעגען אלס מכניסי־אורחים, אונז צו פערבעטען אויף קאפע צו זיך. וויסענדיג די הינטישע פאליטיק פון די אראבישע רויבער, האבען מיר אבעד פון איידעלקייט און העפליכקייט זיי נישט געקאנט ענטזאגען און האבען זיך אויסגעזעצט מיט זיי טרינקען קאפע און פערפיהרט געשפרעכען פון שעהנע שקאפעס, שעהנע מיידלאך... און וועגען דער „חארב־אל־מאסקאב“. דאס מיינט וועגען דער רוסיש־טערקישער קריעג. מיט אמאל ווענדען זיי זיך צו אונז מיט אזא מילדער, ווייכער גוטהערציגקייט, צו קאנען מיר זיי נישט ווייזען א קוק טון אונזערע גוטע ביקסען, די „מארטין־אינגליזע“, וועלכע זיי האבען קיינמאל נישט געזעהן אין זייער לעבען....

איך קוק זיך איין אין מאיר'קען, וועלכער פערלירט זיך קיינמאל נישט אין אזעלכע מאמענטען, און איך זעה ווי ער האלט שוין זיין ביקס, זיין „אבו־חאמסע“, ביים „העהנדעל“ און אין די אויגען ברענט א פייער'ל. גאניץ געלאסען רופט ער זיך אב צו די רויבער: אויב איהר פערלאנגט דאס, קאנען מיר זיי אייך שענקען, נאר פאר איין וועגס שוין צוזאמען מיט א פאר „אינגליזיע־סיגארעטליך“.

די אראבער האבען זיך פון אזא אומגעריכטען כבוד פערשעמט און זיי האבען אנגעהויבען רעדען פון „וולאד־אל־מאסקאב“, דאס הייסט מיר, די געקומענע פון רוסלאנד, זיינען שוין מעהר נישט קיין וולאד־אל־מיית (קינדער פון טויט), און געבען אונז שבחים. מיר האבען זיך ארויפגעזעצט אויף אונזערע פערד און שקאפעס און ווי אמת'ע גלייכע גוטע פריינד „עסחאב“, זיך צוזעגענט מיט א פריעדליכען שלום. זיי זיינען אוועקגעפאהרען צוריק אין טהאל אויף זייער נאכט־רויב, און מיר זיינען אוועקגעפאהרען צו אונזער חבר אויף דער חתונה.

יענע נאכט ביז טאג האט מאיר'קע מעהר פון אלעמען געטאנצט אלערליי פערשיעדענע אראבישע טעניץ און מיט זיין ווילדער אראבישער „דעבקע“, וועלכען נאר ער האט געקאנט טאנצען, האט ער די נאכט פער'כישופ'ט אלע מיידלאך וואס זיינען דארט געוועזען אויף דער חתונה, און מעהר פון אלע מיידלאך, די שעהנע געזונדע יונגע סאנ'קע. זי האט אויף איהם איהרע ברענענדיגע שווארצע אויגען, פול מיט גליהענדער מזרח־ליעבע, געווארפען און ער האט איהר מיט ליעבע אויגען געענטפערט. יענע נאכט איז געשלאסען געווארען מאיר'קעס ליעבע מיט דער שעהנער יונגער סאנ'קע, וועלכע דרעהט זיך שוין יעצט ארום אן אכצעהן־יעהריגע אלמנה, בלאנדזשעט צווישען די שעהנע בערג פון גליל און ווי די אמאליגע שולמית רופט זי און רופט איהר געליעבטען, וועלכער האט איהר הארץ געפאנגען, און וועלכער וועט זיך צו איהר קיינמאל נישט אומקעהרען. קיינמאל נישט...

אליעזר קאנטראוויטש.



# אויף מאיר חאזאנאָוויטש׳ס קבר

ניט א מצבה שטעלען, ניט וויינען און קלאָגען בין איך אויסען. ווייט בין איך פון „הספדים“, פון אזכרות...

איין אויסוועג איז פאראן, פערגראָבען זיך אין׳ם שווערען קאשמאר וואס וועהט איבער׳ן נייעם בערגעל אין מרחביה... ס׳פעהלט, אבער, יענע גרויסע רוהיגקייט וואס איז נויטיג צוליעב דעם שטומען טרויער... עפּעס פלאַטערט אין דיר, ברענט ווי מיט פייער צונגען, מאַנט און רייסט זיך...

מיט זיצען־אכט יאָהר צוריק האָט זיך אויפגעהויבען א מחנה נייע ביל״ו׳צעס און זיינען אוועק אין ארץ ישראל. נייע ביל״ו׳צעס, נאָר אָהן דעם פערפיהרענדען צווי־בער, אָהן דער נאַאיווער אילוזיע פון די ערשטע. געטראַגען פון טרוים און פאנטאזיע, זיינען אנגעקומען די ערשטע ביל״ו׳צעס ; געטראַגען פון שטאַרקען ווילען צום שווערען קאמפּף און פּיינליכער פּראצע — זיינען אַנגעקומען די לעצטע. משיח׳ן האָבען מיט זיך געטראָגען די ערשטע און געהאָפּט אין גיכען די גאולה אראָבצוברענגען, דעם וועג פאר משיח׳ן — דעם זאמדיגען שווערען וועג — זיינען געקומען אויסטרעטען די לעצטע׳ און געטרוימט וועגען „עולם־הבא“ — וועגען דער ווייטער צוקונפט. א מחנה פון ק ע מ פּ פ ע ר, און ניט בלויז פון טרוימערזיינען זיי געוועזען. די נייע ביל״ו׳צעס האָבען אויפגעהויבען די פאָהן פון נאַציאָנאַלען כבוד און שטאָלץ און מיט זייער בלוט געהייליגט איהר. געפאלען איז איינער, נאָך איהם א צווייטער, א דריטער און ס׳וועט פאלען א פיערטער. און ס׳וועט ווידער ווערען שטיל און טויט־וויסט ווי ס׳וואָלט קיינמאָל גאָר ניט געשעהן...

ווייל קליין, זעהר קליין איז די צאָהל פון דעם דאָזיגען סאָרט נשמות אין די אוצרות פון׳ם אלטען פאָלק... נאָר ניט „חשבונות מאכען“ קום איך איצט אין דער הייסער מינוט ; אין דער מינוט געהט מיר גאָר ניט אָן די גאנצע „בוכהאלטעריע“ פון שכר און פערלוסט... ס׳קרענקט דאָס הארץ אויף דעם וואָס איז אוועק פון אונז, דער וואָס האָט זיך אינגאנצען מיט לייב און לעבען פערטון אין דער ארבייט, מיט אַלע זיינע כחות אַבגעגעבען זיין שווערע אויפגאבע וואָס ער אליין האָט אַנגעוואָרפען אויף זיינע אייגענע פּלייצעס, און צוליעב דעם — פון אלץ אַבגעריסען זיך און דערווייטערט זיך... איינגעשלאָסען זיך און אריין אין די סאמע ברענענדסטע ארבייטען פון׳ם הארבען מאָמענט ; ס׳קרענקט דאָס הארץ אויף דעם וואָס איז אוועק פון אונז. ווינציג זיינען פאראן צווישען אונז וואָס האָבען זיך, ווי ער, צוגעפּאסט צו די בעדינגונגען פון לאַנד און אויפגעפּאסט זיין גייסט... און דאָס איז דאָך מעגליך נאָר דורך א גוואלדיגער איבערגעבענהייט און דורך אן אונגעוועהנליך שטאַרקען ווילען ; נור דורך מסירות־נפש און א שטענדיגער, אונפערלאָשענער התלהבות איז איהם געלונגען אויסרייסען פון

זיין הארצען דאס גאנצע פריהערדיגע לעבען און ווערען א „שומר“ וואס לעבט בלויז אויף זיין שווערד און פערד.

הימעל און ערד און זיין עהרען־וואך!

* * *

אזוי שארף־לעבעדיג שטעהט פאר מיינע אויגען דער דאזיגער קאווקאזער בחור, וואס קאווקאזער בלוט און דער גייסט פון איהרע בערג קלאפען אין זיין ברוסט, וואס פערמאגט שטאלענע אדערען אין האנד און אן אייזערנעם גייסט — אין דער נשמה. א האנד וואס שיסט אין ציעל און א הארץ וואס איז דורכגעפיהלט מיט דער אומעטיגער מזרח'ישער מעלאדיע... אזוי פיעל קראפט און לעבען — און דער טויט! ווי א לעבעדינער גוואלדיגער פראטעסט, ווי א בונט געגען דער ידיעה וועגען זיין טוידט שווימט ארויף פאר מיינע אויגען דאס בילד, ווי דער מאן מיט די ברייטע פלייצעס, מיט'ן רוהיגען, געזונדען און ווארימען געזיכט, פערברענגט איינעם פון זיינע „פאר־נאכטען“ מיט דער רוסישער „הארמאניק“, מיט זיין ברייטער און ווייכער מעלאדיע, די פייערדיגע, געזונטע טעניץ אנגעזאפט מיט יענער קרעפטיגער שמחה, וואס שלאגט פון דעם פרישען קוואל פון לעבענסליבע און לעבענס־לוסט; און ניט איינמאל האב איך בעוואונדערט דעם „דיסאנאנס“ צווישען זיין אייזען־שטייפען אידעאליסטישען חא־באקטער מיט זיין כמעט מגושם'דיגער געזונדקייט; זיין נשמה־פלאם, וואס האט איינמאל אין זיין לעבען אויפגעפלאקערט און אוועקגעטראגען איהם אין זיין לאנד, האט זיך ניט אויסגעלאשען און איז ניט אבגעקיהלט געווארען ביז דעם לעצטען טאג. איינער פון די שטארקסטע און דרייסטעסטע איז ער דאך געווען, איינער פון די פלינקסטע און רוהיגסטע, פון די, וואס אפילו ווען דער חלף ליגט אויף'ן האלז — פערלירען זיי ניט זייער רוהינקייט און געלאסענקייט. ער איז געווען איינער פון די זיילען פון דער דאזיגער מחנה.

האט דאך א געוויסער אידעאל, א העכערע ישטרעבונג צונויפגעבראכט אהער מאיר'ן מיט זיינע חברים און אריינגעגעבען אין זיי דעם פערהארטעוועטען, אייזען־געשמידעטען גייסט. נאר צו געזונד גייסטיג, צו שטאלין און עהרליך זיינען זיי אום זיי זאלען ריסע־ווען און איבערנעהמען זיך פאר דער אידיישער געזעלשאפט.... פאר די „מאיר'ס“ מאכט מען ניט קיין ווארע... בעשיידען פערבעהאלטען אין זייער ווינקעלע זיצען זיי. זיי סאפען ניט און קרעכצען ניט שלעפענדיג דעם שווערען כלל־יאך... און טהוען קיינעם ניט קיין טובות מיט זייער ארבייט. זיי קומט פאר אז אזוי ד א ר ף זיין, אזוי איז נאטירליך, אזוי איז זייער איינענער פערזענליכער בעגעהר.

לוסטיג־פריי, ווי איינער וואס ערפילט זיין קאפריז, ווערט אלין אבגעטון, ווי א מענש וואס גיט זיך אב זיין הפקר'דיגער, ליידענשאפטליכער נשמה ווערען אבגע־טון די שווערסטע ארבייטען און ערפילט די הארבסטע פליכטען. די „הפקר'דיגע ליידענשאפטליכע נשמה“, און אין דער דאזיגער נשמה האט דאך געברענט יענער פייער וואס האט איהם בעלויכטען זיין וועג...

* * *

צו דער מדרגה פון „קדושים וטהורים“ האט ער ניט דערלאנגט — ווע‍לען זיך קרימען די סקעפטיקער. טרייבט נישט איבער — וועלען זיך בייזערען די לייט פון וואג און מאס. געוויס, די שעהנקייט פון מאיר׳ס גייסט און זיינע חברים איז גאר פון אן אנדער מין. ניט אין די טיעפקייטען פון דער מחשבה און אין די דינקייטען פון פיין-גייסט זאלט איהר זי זוכען. אין די אריסטאקראטישע ספערען פון דער נשמה וואוינט זי ניט. זי איז אבער דער אונמיטעלבארער כח וואס בעוועגט דעם ווילען און די מוסקולען. ער געהער ניט צו די רייכע גייסטער וואס בעלויכטען און בעפוצען דעם לעבען — נאר צו די קרעפטיגע עהרליכע גייסטער וואס בויען און שאפען די יסודות פון׳ם לעבען.

אין׳ם לעבען פון דעם מין מענשען געפינסטו אלע חסרונות און אונפאלקאמענ-הייטען, די גאנצע גרויע לאנגווייליגקייט פון יעטוועדער געוועהנליכען בשר ודם, נאר גלייכצייטיג איז פערבארגען אין זייער נשמה עפעס א געהיימע קראפט וואס צושפיעלט זיך אין דעם נויטיגען מאמענט... און אין זייער גדלות, אין דעם דאזיגען נשמה־שטור־רעם מישען זיך אוים דער עלעמענטארער ברען פון דעם קאמפפס־דארשטיגען מענש און פונקען פון דעם „העכערען בעוואוסטזיין“ וועגען מענשליכער עהרע און ווירדע. ניט פון דער איידעלער ראסע פון „חסידים“ און „בוצינין־קדישין“ שטאמען זיי ארוים, נאר פון דער „משפחת הכובשים“ (עראבערער משפחה). די לייט וואס פער־שטעהען צו פערוואנדלען זייער פיינליך שווערען לעבען אין א שפיעל, וואס שטעהען אוים די עגרסטע געפאהרען לייכט און פריי; וואס קומען פון און מחמת זייער אידעא־ליזם צו הפקרות. די דאזיגע לייט זיינען עס די ק י נ ס ט ל ע ר  פ ו ן  ל ע נ ד ע ר ע ר א ב ע ר ע ן. און אזא מין קינסטלער, א זוהן פון דער „משפחה עראבערער“ איז געווען מאיר חאזאנאוויטש.

* * *

„די משפחה עראבערער“ — ווי נויטיג זי איז אונז און ווי קליין און ארים זי איז ביי אונז. גענוג, איבער גענוג פערמאגען מיר „קדושים“, „גייסט-העלדען“. פון דעם ווייטען און נאהענטען עבר שפארען אן צו אונז זייערע שאטענס מאסענווייז און פערשטעלען אזש די ליכטיגע שיין... אין זייער זכות אבער וועלען מיר דאך קיין מאל ניט אויסגעלייזט ווערען... די אידישע גאולה קאן קומען נאר דורך די „העלדען און עראבערער“, און די דאזיגע—פון וואנען וועלען זיי קומען צו אונז?... די איינציגע, וואס זיינען אננעקומען, לאזען זיך אוים ביסלעכווייז, אנדערע אויף זייער ארט קומען ניט... און פון זיך אליין ערוועקט זיך און מאטערט א וועהטאגדיגע פראגע: צו האבען מיר דאס רעכט אנצונעהמען די דאזיגע קרבנות?

נאר... כ׳וויים, איין אויסוועג איז פאראן — פערגראבען זיך אין דעם קאשמאר וואס וועהט אויף דעם נייעם בערגעל פון מרחביה...



**חבר שמואל פרידמאן**

פון ליטא, דערשאסען פון אראבער נעבען די כרמים פון וואדי־חאנין, לויפענדיג צו דער פערטיי־
דיגונג געגען אן איבערפאל, אין מיטען תמוז, תרע״ג.




(זכרונות)

א תלמיד פון לידא'ר ישיבה, א צוהערער פון דעם בעוואוסטען מזרחיסטען־פיהרער הרב ריינעס איז ער געווען די לעצטע פאר יאהר פאר'ן קומען אין ארץ ישראל. קיין ירושלים איז ער געקומען מיט'ן צוועק פארטצוזעצען זיין לערנען און איז אריינגעטראטען אלס תלמיד צו דעם בעוואוסטען רבי יצחק מתמיד אין ישיבה.

געפונען האט ער זיך ביי זיינעם א פעטער, א רב פון א קאנטרי אין אמעריקא, וועלכער איז צוזאמען מיט זיין פרוי געקומען אויף די עלטערע יאהרען קיין ירושלים און זיך מפרנס געווען פון א קליין קלייטעל אין איינער פון די אידישע שכונות. ניט האבענדיג אליין קיין קינדער, האבען זיי שמואל'ן געהאלטען ביי זיך און געדענקט אז ער וועט מיט דער צייט ווערען א רב אדער א שוחט. אנדערש האט אבער געדענקט דער יונגער שמואל. זעהענדיג די פוסטקייט און נוצלאזיגקייט פון'ם ישיבה לעבען. וואו יונגע מענשען פערשווענדען אויף גאר נישט זייערע בעסטע יאהרען, פערבלייבען שטענדיגע באנק־קוועטשער, און דארפען קוקען תמיד אויף די חלוקה געלדער, וואס קומען פון חוץ־לארץ, איז איהם אפגעפאלען דער חשק אוועקצוגעבען זיין גאנצע צייט דעם לערנען אין ישיבה. דעם תלמוד, און בכלל די אלטע אידישע ליטעראטור האט ער אפילו זעהר ליעב געהאט, און אויך שפעטער, ווען ער איז שוין אן ארבייטער געווען, פלעגט ער אויך יעדען אווענד נאך דער ארבייט אדער פאר־טאג פאר דער ארבייט לערנען תלמוד און תנ"ך: אבער אנדערש איז דאס לערנען צוליעב אייגענער בעפרידי־גונג, ווי דאס לערנען צוליעב פרנסה.

צופעליג האט ער זיך בעגעגענט מיט איינזיגע ארבייטער פון „בצלאל" און א דאנק זייער השפעה איז ביי איהם געבארען געווארען דער געדאנק צו ווערען אליין אן אר־בייטער אום צו קאנען זעלבסט־שטענדיג איינארדנען זיין צוקונפטיגען לעבען. פון אנהויב האט ער אפילו געדענקט אנצוקומען אין לעהרער־סעמינאר און ווערען מיט דער צייט א לעהרער, נאר ער האט דעם געדאנק באלד אויפגעגעבען, ווייל אויב שוין יא אויפ־הערען לערנען צוליעב א פרנסה־צוועק, דאן איז קיין גרויסער אונטערשיעד ניטא צווישען א תלמיד אין ישיבה אדער א תלמיד פון סעמינאר; ביידע לערנען צוליעב מאטעריעלען נוצען, און דאס איז איהם ניט געפעלען. בעסער איז צו ארבייטען און אין דער פרייער צייט לערנען „תורה לשמה". שמואל איז אנגעקומען אין „בצלאל" און איז געווארען אן ארבייטער. די ארבייט זעלבסט ווי אויך דאס בעגעגענען זיך מיט אנדערע יונגע לייט, וואס האבען מיט איהם צוזאמען געארבייט, האט אויף איהם שטארק געווירקט אז ער איז א גאנץ אנדער מענש געווארען. דער ענגער קרייז פון „ד' אמות של הלכה" האט זיך אויסגעברייטערט, און פאר שמואל'ן האבען זיך אויפגעדעקט

זאכען פון וועלכע ער האט פריהער זעהר וועניג, אדער כמעט גאר ניט געוואוסט. זיצענדיג א גאנצען טאג אין ווערקשטאט צוזאמען מיט אזעלכע ארבייטער, וואס זיינען אהער שוין געקומען מיט אידעאלען פון פאלקס־אויפלעבונג און נאציאנאלען שאפען, האט ער זיך דערוואוסט אז יעצט האט דאס קומען קיין ארץ־ישראל א גאנץ אנדער צוועק ווי דער, צוליעב וועלכען ער און נאך אנדערע אזעלכע זיינען געקומען. אין די געשפרעכען מיט זיינע מיטארבייטער האט ער געהערט וועגען אידישער ארבייט אין די קאלאניעס פון יהודה און גליל, וועגען אידישע טעכטער וואס שטעלען איין זייער לעבען אום צו פערזיכערען דאס אידישע פאלקס־איינענטהום אין ארץ ישראל, און פאר איהם האט זיך געעפענט א נייע און שעהנע וועלט פון לעבען און ארבייטען צוליעב גרויסע פאלקס־אידעאלען און נאציאנאלע שטרעבונגען. ער האט אנגעהויבען לעזען די ארבייטער ־ פרעסע פון ארץ ישראל, און אויך פערשיעדענע ביכער אין אידיש וועגען ארבייטער־לעבען און פאר איהם איז ענטפלעקט געווארען א נייער קוואל, פון וועלכען ער האט אנגעהויבען שעפען ידיעות וועגען בעציהונגען צווישען מענשען; דערצו האבען אויך פיעל מיטגעהאלפען זיינע אייגענע איבערלעבונגען אין בצלאל, וואו איהם איז אויסגעקומען צו זעהען די פערשיעדענע אונרעכטען מצד די וואס שטעהען אין שפיץ פון אנשטאלט און זייערע בעציהונגען צו די ארבייטער, פון וועלכע איהם אליין איז אויסגעקומען צו ליידען.

מאדנע האט ער זיך געפיהלט די ערשטע צייט. עפעס האט דאס ניט הארמאנירט, ניט געשטימט מיט זיינע רעליגיעזע מיינונגען און געוואהנהייטען און ער פלעגט אין זיינע שמועסען מיט די חברים בעמיהען זיך זיי צו דערווייזען, אז דאס אלעס איז טאקע גוט, אבער פאר וואס ניט פרום זיין? צוליעב וואס פערווארפען דאס „אידישקייט" אין דעם זין ווי ער איז געוואהנט געווען צו בעגרייפען עס ביז יעצט? „צי קען ער דען ניט זיין א גוטער און איבערגעבענער ארבייטער פאר פאלקס־אידעאלען, א הייסער קעמפפער פאר די שעהנסטע מענשליכע אידעאלען, און צו דער זעלבער צייט פערבלייבען א פרומער איד און אפהיטען אלע מצוות, און זיך אויסהיטען פון עבירות?" האט ער גע'טענה'ט. ביסלעכווייז אבער, ניט בעמערקענדיג ווי אזוי דאס איז פארגעקומען, האט ער זיך בעפרייט פון די פערשיעדענע רעליגיעזע מנהגים, און אנגעהויבען לעבען אויף דעם זעלבען שטייגער ווי זיינע חברים ביי דער ארבייט. פערשטעהט זיך, אז וואס מעהר ער איז פרייער געווארען בנוגע די רעליגיעזע צערעמאניעס, אלץ מעהר איז דאס ניט געפעלען געווען זיינע פרומע פעטער און מוהמע, און עס הויבט זיך אן א סדרה פון סכסוכים און רייבונגען אין דער קליינער פאמיליע. געצוואונגען איז ער געווען צוליעב זיין קליינעם פערדיענסט אויפצוהאלטען זיך ביי זיי. ער ליידט א געוויסע צייט, אין'ם ליידען ווערט ער נאך מעהר בעוואוסטזיניג און בעפרייט זיך אינגאנצען פון זיין ביזהעריגען קוק אויף'ן לעבען. צו ענדע בעשטימט ער זיי צו פערלאזען און אנהויבען לעבען זעלבסטשטענדיג. אויף אייגענע אחריות אין זיינע בעציהונגען צו „גאט און לייט". מיט דעם שריט ענדיגט זיך דער איבערגאנגס־פעריאד פון פריהעריגען אונבעוואוסטזיניגען ציעללאזען לעבען צום נייעם לעבען פון פראדוקטיווער ארבייט.

צוזאמען אין איין צימער האב איך מיט איהם פון דאן אן געוואהנט די גאנצע

צייט וואס ער איז געוועז אין ירושלים, און איך האב געהאט די מעגליכקייט איהם גוט צו דערקענען. פאר מיינע אויגען איז ער אויסגעוואקסען פון א נאאיוועז ישיבה בחור, וואס ווייסט מעהר ניט ווי פערטיעפען זיך אין די סוגיות פון „אביי ורבא“ און פערענטפערען די שווערע תוספות־קשיות, אין א בעוואוסטזיניגען אידישען אר־בייטער אין ארץ ישראל, וואס ווייסט און אנערקענט זיינע פליכטען צו זיין פאלק און זיין לאנד, זיינע אויפגאבען אלס פארקעמפפער צוזאמען מיט אלע ארבייטער פאר א בעסערער און ליכטיגערער צוקונפט פאר דער גאנצער מענשהייט. פיעל מאל אין אונ־זערע געשפרעכען האט ער מיט אן ערנסט נאאיוועז טאן אויסגעדריקט זיין פערוואונ־דערונג אויף די ארבייטער אין די קאלאניעס, ווי גרויס און טיעף ס׳דארף זיין זייער גלויבען אין דער נויטיגקייט און נוצען פון זייער ארבייט, פאר דער צוקונפט פון פאלק, ווי שטארק ס׳דארף זיין זייער אפפערווילליגקייט צו ארבייטען אין די פערשיעדענע ניט־גינסטיגע און ניט־נארמאלע בעדינגונגען און נאך אלעמען זיין צופריעדען, און זייער איינציגע דאגה, זייער איינציגער ווילען זאל זיין, ווי אזוי זאל אין די קאלאניעס, וואס עקזיסטירען שוין, זיך פערמעהרען די צאהל אידישע ארבייטער, און נייע אידישע קאלאניעס אלס א פלאץ פאר נייע מחנות אידישע ארבייטער זאלען זיך גרינדען. אויפ־געחאפט האט ער אלעס וואס ער האט געהערט אדער געלייענט אין די צייטונגען וועגען די ארבייטער אין די קאלאניעס, ווי אזוי זיי לעבען, מיט וואס זיי בעשעפטיגען זיך נאך דער ארבייט, און דאס האט שטארק געווירקט אויף איהם. מיט טיעפער אויפ־מערקזאמקייט און אינטערעס האט ער זיך צוגעהערט צו די ערצעהלונגען וועגען דעם אידישען שומרים־לעבען, וועגען זייער אויסערגעוועהנליכען מוטה און שרעק־לאזיגקייט און בעוואונדערט האט ער זייער גבורה און אפפערווילליגקייט. א נייער געדאנק האט איהם אנגעהויבען צו בעאונרוהיגען. ס׳איז ניט גענוג וואס ער איז איבערגעגאנגען פון ישיבה צום ארבייטער־לעבען. ניט אין שטאדט איז זיין פלאץ. אין קאלאניע דארף ער געהן און אן ארבייטער אדער וועכטער דארטען ווערען. ווייל גרויס און שווער איז די אויפגאבע פון אידישען ארבייטער און וועכטער, זעהר פער־אנטווארטליך פאר דער צוקונפט פון אידישען פאלק איז זייער ארבייט. אבער וועניג, זעהר וועניג זיינען זיי דערוויל, און אויף יעדען פון די יעניגע, וואס האבען שוין אנער־קענט די גרויסע פאלקס־אויפגאבע און ציעלען וואס שטעהען פאר אונז, איז א חוב זיך צו שטעלען אין זייערע רייהען און פערגרעסערען זייער צאהל.

פיעל צייט האט גענומען ביז דער געדאנק איז געווארען גענוג קלאר אום צו קענען בעוועגען איהם איבערצוגעהן צו מעשים, אבער ענדליך איז דאס פארגעקומען, — שמואל פערלאזט ירושלים און פאהרט אוועק דערוויל אין די יהודה׳ר קאלאניעס ארבייטען. אפארבייטענדיג א שטיקעל צייט איז אונטערגעקומען דער סעזאן פון וועכ־טעריי אין די כרמים פון מאנדלען און וויינטרויבען, און ער ווערט א שומר, אין דער קאלאניע ראשון־לציון.

עטליכע וואכען זיינען פאריבער. געקומען בין איך קיין ראשון־לציון, און באלד זיך נאכגעפרעגט אויף שמואל׳ן. מען האט מיר געזאגט אז זיין פאסטען געפינט זיך זעהר ווייט ביי די זאמדען פון עין־הקורא, און אז אין אוועגד זאל איך געהן אין יענער

זייט און פרעגן ביי די וועכטער, וואס איך וועל בעגעגענען, אויף שמואל'ן, וועלען זיי מיר ווייזען וואו איהם צו טרעפען.

אויף דער נאכט בין איך אוועק צווישען די כרמים און ביים ערשטען וועכטער, וואס איך האב אנגעטראפען, געפרעגט אויף שמואל'ן. דער שומר האט מיר גע־הייסען גהען ווייטער, וועל איך טרעפען א צווייטען, וועלכער וועט מיך פיהרען אין דער זייט וואו ס'געפינט זיך שמואל'ס פאסטען. איבערגעהענדיג אזוי עטליכע פאסטענס האב איך זיך אם ענדע אנגעטראפען אויף א שומר וואס זיין פאסטען גרע־נעצט זיך מיט שמואל'ס, און מיט איהם בין איך נאך א פערטעל־שעה'דיגען קנעטען אין טיפען זאמד, געקומען צו שמואל'ן. פינסטער איז געווען, זיין פנים האב איך ניט געקאנט זעהן. פאר מיר איז געווען א יונגער מאן מיט א „כפיה" און „עגל" אויף'ן קאפ, בעוואפענט, א קאליפטוס שטעקען אין האנט און אויף'ן ברוסט דאס וועכטער־פייפעל. ער האט מיך באלד אוועקגעפיהרט אין זיין „ביידעל", ניט ווייט אין א פרוכט־גארטען, מיר געוויזען ווי ער האט זיך „איינגעארדענט", מיך מכבד געווען מיט טיי וואס ער האט אויפגעקאכט אויף א פייער פון דארע צווייגען, און מיר האבען זיך אוועקגעלאזט „שפאצירען" איבער זיין פאסטען. דערצעהלט האט ער מיר וועגען דער שמירה, ווי פעראנטווארטליך זי איז בכלל און ווי פעראנטווארט־ליך און שווער ס'איז זיין פאסטען בפרט. „שטעל זיך פאר", האט ער מיר געזאגט מיט א טיפער ערנסטקייט — „דא איז דער וועג וואס פיהרט קיין עזה. יעצט איז די צייט ווען גרויסע שיירות גמלים אנגעלאדען מיט תבואה געהען דא דורך. פערשטעהסט זיך אז די אראבער, די קעמלען־טרייבער, זיינען צוגעוואהנט נאך פון די פריהערדיגע יאהרען, ווען ס'איז דא נאך ניט געווען קיין אידישע שמירה, זיך אריינצוכאפען אין די כרמים און „נעהמען" אביסעל „ענב". יעצט דארפען מיר זיי דערפון אפ־געוועהנען. און דאס קומט גאניץ שווער אן. דער פלאץ איז זעהר ווייט פון קאלאניע. אויף דער צווייטער זייט וועג ציהט זיך אוועק דער וויסטער זאמד־שטח ביז'ן ים, און אויף דעם גאנצען וועג, וואס נעהמט כמעט א שעה איהם איבערצוגעהן, זיינען מיר נאר צוויי וועכטער. טאמער טרעפט זיך עפעס מיט איינעם פון אונז, דארף דויערן פיעל צייט ביז דער צווייטער זאל קומען צו הילף. איך פיהל די פעראנטווארטליכקייט נאך מעהר ווייל איך בין דאך א נייער שומר. — און מיר דאכט זיך, אז אויף אזא שווערען פאסטען האט מען געדארפט שטעלען א שומר וואס איז שוין לאנג אין דער שמירה און האט שוין פראקטיק."

טרויעריג האבען געקלונגען זיינע ווערטער אין דער נאכט־שטילקייט, געפיהלט האט זיך אין זיי דאס טיפע פעראנטווארטליכקייטס געפיהל, די מורא, טאמער איז ער ניט פעהיג ווי געהעריג צו ערפילען זיין פליכט אלס שומר.

געגעגנט האב איך אין זיין ביידעל. דעם צווייטען טאג, בעגעגענענדיג זיך אין קאלאניע מיט דעם פארשטעהער פון השומר אין ראשון־לציון, חבר ס., האב איך איהם געפרעגט וועגען שמואל'ן, צי ער איז א גוטער שומר, און פאר וואס ער האט איהם געשטעלט אויף אזא ווייטען און איינזאמען פאסטען. — „אויף אזעלכע

פאַסטענס דערקענען מיר די „פּרישע“ אויב זיי טויגן פאַר אונז. קיין פחדן איז ער ניט, ערנסט און איבערגעבען צו דער זאַך איז ער דערוויילל אויך, מיר וועלן זעהן וואָס ס'וועט פון איהם אַרויסקומען“, איז געווען זיין קורצער ענטפער אויף מיינע פראַגעס.

אין עטליכע טעג אַרום איז מיר ווידער אויסגעקומען צו זיין אין ראשון־לציון. איך האָב שמואל'ן שוין געפונען אויף אַן אַנדער פּלאַץ. מיט שמחה און התפעלות האָט ער מיר דערצעהלט אַז אין די עטליכע טעג איז ער שוין געווען אויף אַ צווייטען פּאָסטען. אין דער זייט וואָס גערעהט קיין ודי־חנין איז דאָ אַ גרויס שטיק ניט־בע־אַרבייט פעלד, פול מיט בערגלעך און טהאָלען, אַן אויסגעצייכענטער פּלאַץ פאַר גנבים, האָט מען איהם דאָרט אוועקגעשטעלט; אין דעם האָט ער געזעהן די אַנער־קענונג פון „באַ־כח“, אַז ער איז ניט קיין שלעכטער שומר, און מען קאָן איהם אַנ־טרויען אַ פעראַנטוואָרטליכען פּאָסטען, און היינט האָט מען איהם שוין ווידער אי־בערגעפיהרט אויף דער זייט וואו ס'געפינט זיך דער וועג, וואָס פיהרט קיין רמלה, ניט ווייט פון בית־הקברות. פאַריגע נעכט זיינען דאָ געווען גנבים, האָט מען דעם וועכטער צוגענומען אין דער אינעווענייגסטער קאָלאָניע־וואַך און איהם, שמואל'ן, אוועקגעשטעלט אויף זיין פּלאַץ. ער האָט שוין גערעדט מיט אַ זיכערען טאָן וועגען דער שמירה. אין זיינע רייד האָט זיך געפיהלט די צופרידענהייט פון דעם, וועלכער האָט דאָס בעוואוסטזיין אַז ער געפינט זיך אויף'ן ריכטיגען פּלאַץ. דערמאָנט האָט ער מיר אויך מיט אַ שמייכעל, ווי ער איז פריהער ניט געווען צופרידען וואָס די אַרבייטער און די שומרים טועץ אַן „כפיה'ס“ מיט „עגל'ן“, ווי די אַראַבער. ער האָט אין דעם געזעהן אַ מין נאָכגעבען זיך דער השפעה פון די אַראַבער. יעצט האָט ער געביטען די מיינונג. פאַר די שומרים איז פּראַקטישער די „כפיה“ מיט דעם, וואָס זי בעשיצט פון דער ביינאַכטיגער טהוי, און דער „עגל“ בעשיצט דעם קאָפּ פון „נבוט“־קלעפּ, און דערפאַר טראָגט ער זי אליין אויך.

אין אָוונד האָב איך ווידער מיט איהם אַרומגעשפּאַציערט אויף זיין נייעם פּאָסטען. ס'איז געווען אַ שעהנע לבנה־נאַכט, ער האָט אַלין גערעדט פון דער שמירה, ווי זיכער ער פיהלט זיך שוין יעצט. מיר זיינען מיער געוואָרען און האָבען זיך אַוועקגעזעצט ביים זייט וועג אָפּרוהען. איינער פון די פיער רייטער־שומרים איז אָנ־געפאָהרען אויף זיין שקאַפּע, אביסעל געשמועסט מיט אונז און איז אָפּגעפאָהרען אביסעל ווייטער און אָנגעהויבען לערנען זיין שקאַפּע אַריבערצושפּרינגען איבער דער קאַנאַווע, וואָס האָט זיך געפונען ביים זייט וועג. שמואל האָט מיט קנאה געקוקט אויף דעם רייטער'ס בעוועגונגען און פער'חלום'ט אָנגעהויבען פאַנטאַזירען, אַז אין גיכען וועט זיך ענדיגען דער „בציר“, ער וועט אַוועק אין ירושלים, ענדיגען זיינע חשבונות אין „בצלאל“, נעהמען זיינע זאַכען און אַוועק איז גליל. דאָרט, אין דעם נעסט פון „השומר“, וועט ער ערנסט זיך נעהמען פאַר דער זאַך. ער וועט שוין מעהר ניט זיין אַ סעזאָן־שומר, ווי דאָ אין די כרמים; ער וועט זיין אַ יעהרליכער שומר אין איינער פון די גליל'ער קאָלאָניעס. ער וועט זיך אַרויפאַרבייטען און ווערען אַ „חיל“, ער וועט קריגען אַ שקאַפּע און דאָן, ערשט דאָן, וועט זיך פאַר איהם אָנהויבען די

אמת'ע תקופה פון שמירה, ערשט דאן וועט ער פיהלען אז ער ערפילט זיין חוב אלס שומר. ער וועט זיין א חיל, און וועט זיך, רייטענדיג אויף זיין שקאפע, ווי א וויכער ארומטראָגען אויף די ברייטע גליל'ער תבואה־פעלדער, און אונטער זיין השגחה וועט זיך געפינען א גרויסער שטח וואס דאס אויג קאן ניט כאפען זיינע גרענעצען. ווי גוט ער וועט זיך דאן פיהלען... דאמאלס, און נאר דאמאלס וועט ער זיכער זיין אז ער איז א „שומר", איינער פון די בעשיצער פון אונזערע ערוואָרבענע פאזיציעס אין ארץ ישראל.

נישט בעשעדט איז איהם געווען צו פערווירקליכען זיין אידעאל: קומען אין דעם נעסט פון „השומר" און ווערען דארט דאס, צו וואס ער האט אזוי געגארט.

א שטיקעל צייט נאך איידער דער „בציר" האט זיך געענדיגט, האבען אייניגע אראבער פון א דורכגעהענדער שיירה געפרובט גנב'ענען טרויבען: דעם וועכטער, וואס האט זיי געוואלט שטערען האבען זיי שטארק געשלאגען, איהם געבונדען, אראפ־געריסען פון איהם זיין געוועהר און אנטלאפען. אנדערע וועכטער, וועלכע זיינען אנ־געקומען דערהערענדיג דעם געשלאגענעמס סיגנאלען איידער מען האט איהם געבונ־דען, זיינען נאכגעלאפען די אראבער, זיי נאכגעיאגט אין מיטען וועג צווישען ודי־חנין און רחובות, און האבען ביי זיי געפאדערט צוריק דאס פערנומענע געוועהר. ס'איז געווארען א געשלעג, עס זיינען אנגעקומען אראבער פון נאהענטען דארף, און זיינען צוגעשטאנען צו די אראבער פון דער שיירה, און זיי געהאלפען געגען די עטליכע וועכטער פון ראשון. עס זיינען געקומען צולויפען אייניגע אידישע וועכטער פון רחובות צו הילף די ראשונ'ער, און אין דער שיסעריי פון ביידע צדדים זיינען פער־וואונדעט געווארען גרינג עטליכע אידען און איין אראבער איז שווער פערוואונדעט געווארען. די ארבייטער און די איבעריגע וועכטער פון ראשון זיינען אלע געלאפען צו דעם פלאץ וואו דאס געשלעג איז פארגעקומען. שמואל, וועלכער האט, זייענדיג אויף זיין פאסטען, געהערט די סיגנאלען וואס האבען גערופען צו הילף, איז אויך געלאפען, אבער ניט מיט דעם זעלבען וועג וואס אלע. ער איז אוועק איבער די פעל־דער מיט א נעהענטערען וועג, און האט אנגעטראפען פונקט אויף דעם פלאץ וואו עטליכע אראבער זיינען געזעסען און געהיט זייערען א שווער פערוואונדעטען. דער־זעהענדיג שמואל'ן האבען זיי איהם דערשאסען. די שפעטער אנגעקומענע וועכטער פון ראשון האבען איהם געפונען א טויטען. זיין קערפער איז געווען צולעכערט פון די קוילען וואס מען האט אין איהם אריינגעשאסען. א פאר חברים זיינען געבליבען היטען דעם טויטען'ס קערפער, און די איבעריגע זיינען אוועק ברענגען א וואגען פון רחבות אויף וועלכען מען זאל איהם פיהרען אין קאלאניע. אויף מארגען האבען איהם אלע ארבייטער און וועכטער בעגלייט אין זיין אייביגער רוה.

נחום אלקונה.



## חבר לעוויטאַן

געוועז פריהער א קינסטלער, געפאַלעז אויף דער וואַך אין אַ כרם אין רחובות, סוף תמוז תרע"ג.




פון אן אנדער וועלט איז ער אין ארץ ישראל געקומען. ער איז געוועזען א קינסטלער. אלס קינד זיינען ביי איהם געשטארבען די עלטערען, און ער איז געבליבען א יתום, אהן מיטלען צו עקזיסטירען און ענטוויקלען זיין טאלאנט. א קריסט א פילאנטראפ, וועלכער האט דערפיהלט זיינע פעהיגקייטען, האט איהם אויף זיין רעכנונג געשיקט אין דער קונסט־שולע אין אדעס, און פון דארטען איז ער אריבערגעפאהרען צו פערפאלקאמען זיך קיין פעטערבורג. אלס איד האט ער דארט ניט געטארט וואוינען, און האט דעריבער געמוזט פערלאזען די שטאדט, צוזאמען מיט די האפנונגען אריינקומען אין דער אקאדעמיע. דאן איז ער גענומען געווארען צו מיליטער דינסט. אבדינענדיג א קורצע צייט איז ער אנטלאפען קיין פאריז. דערווייל איז דער פילאנטראפ, וועלכער האט איהם געשטיצט, געשטארבען, און לעוויטאן האט געמוזט איבעררייסען זיין שטודיום. א געוויסע צייט האט ער געלעבט אין פאריז, ערנעהרענדיג זיך פון ארבייט. ער האט זיך אבער דערמיט ניט געקאנט בעפריעדיגען, און איינינע חדשים פאר זיין טויט איז ער געקומען אין לאנד און געווארען א וועכטער. ער איז געוועזען טריי און איבערגעבען צו זיין ארבייט. טראץ דעם וואס ער איז געוועזען ניי ביי דער ארבייט, האט מען איהם אנפערטרויט איינעם פון די שווערסטע און געפעהרליכסטע פונקטען, וויסענדיג אז מען קאן זיך אויף איהם פערלאזען.

אין א פינסטערער נאכט, שטעהענדיג אויף דער וואך אין איינעם פון די רחובות'ער כרמים, האט ער דערשפירט אראבער, וואס זיינען געקומען גנב'ענען, און איז צו זיי צוגעלאפען. די גנבים האבען אין איהם געשאסען און איהם דער'הרג'ט. אז די ארומיגע וועכטער זיינען אנגעקומען האבען זיי איהם שוין געטראפען טויט, א מעסער אין זיין האנד און א ז א ק מ א נ ד ל ע ן, וועלכען די גנבים האבען איבערגעלאזען אנטלויפענדיג — נעבען איהם...



חבר משה בארסקי

פון סקווירע, קיעווער גובערניע. גע׳הרג׳עט פון אראבישע רויבער אויפ׳ן וועג צווישען דגניה און מלחמיה, כ״ב חשון, תרע״ד.




א קינד פון דארף, פון דער נאטור איז משה געווען. דארט, אינ׳ם דארף וואו ער איז געבארען געוואָרען, אין קיעווער גובערניע, אין רוסלאנד, האט ער מעהר דאס לעבען פון די גויים דערקענט, איידער דאס אידישע לעבען. די נאטור פון זיין גע־בורטס־ארט, דער טייך, דער פישער, דער פויער, דאס פערד — זיי האט ער געקענט און פון זיי פלעגט ער ליעב האבען צו דערצעהלען.

די יוגענד־קראפט פון׳ם נאטור־קינד און די ציוניסטישע ערציהונג, וואס ער האט געקראגען אין דעם שטעדטעל סקווירא, האבען איהם אין ארץ ישראל געבראכט. און דא, אין לאנד, האט ער ניט געוואוסט פון יענעם יאוש און צרות, פון וועלכע אונזערע ארבייטער ליידען אזוי, ווייל דורכגעזאפט מיט דער פרישקייט פון דער נאטור איז געוועזען דער גוף — פרעמד זיינען איהם צווייפלען און קווינקלונגען.

און מיט אפענע ארימס האט איהם די ארבייט און די נאטור אויפגענומען. אין זיי האט ער אן אינהאלט פון זיין לעבען געפונען, זיי האט ער זיין נשמה געשענקט. דגניה איז געווען זיין ארבייטס־פלאץ פון דעם ערשטען טאג אן. ניט געוואוסט האט ער קיין שווערקייט אין דער ארבייט, ניט אין לעבען.

ארייגזאפען פלעגט ער איז זיך די רייד פון זיינע חברים און פלעגט זיי אפט איבער׳חזר׳ן. פלינק און פלייסיג איז ער געווען אין זיין ארבייט און אין אלץ. שטענ־דיג טאנצען, שפרינגען פלעגט ער. פון דער ארבייט האט ער געשעפט זיין פרייד און זיין אומעט.

איינער פון די ווייניגע טיפען צווישען די אידען, צווישען אונזערע ארבייטער אין לאנד.

זעהר יונג איז געווען משה בארסקי, נאך קיין ניינצעהן יאהר ניט. ווייניגער ווי ניינצעהן יאהר איז ער אויף דער ערד ארומגעגאנגען און גארנישט ניט געזעהן. געבליבען איז איהם פרעמד דאס לעבען. די שעהנקייט פון קולטור, די קונסט, די פאעזיע און די וויסענשאפט פון בוך — ניט אין סקווירא, ניט אין דגניה האט ער זיי דערקענט.

נאר אכט חדשים האט בארסקי מיט אונז געלעבט. פאר דער קורצער צייט האט ער זיך אזוי ענג מיט די חברים, מיט דער ארבייט און מיט׳ן ארט פערבונדען: נאר דער טויט האט געקענט זיי צושיידען. אויך אין לאנד אליין האט ער נאך גאר ווייניג

נעזעהן — נאר דעם גליל התחתון. גערעכענט האט ער פסח זיך דורכשפאצירען קיין גליל העליון.

ער האט ניט געפיהלט, וואס עס ערוואַרט איהם.

און די ריינע נשמה, דער פרישער יונגער משה'קע איז פערדעקט מיט א קליי־נעם בערגעלע ערד אין דעם איילבירטען־גארטען וואס ער אליין האט דאָן בעארבייט, געאקערט.

פון מיינע הענד שפירט זיך נאך דער ריח פון בלוט, וואס איך האב אין איינעם מיט דער ערד אין זיין קבר אריינגעלעגט.

עס פערקוועטשט דאס הארץ ביים אנדענק פון'ם יונגען משה'קעס בילד, פון יע־נעם שבת צו־נאכטס כב' חשון אין מלחמיה, ביים ירדן. הייליג איז מיר פון איהם יעדער זכרון, הייליג די מינוט ווען פאר אונז האט זיך זיין פערבלוטיגט־פערוואונדעטער פנים ענטפלעקט.

משקה'לע האט זיך אליין אנגעגעבען, אז ער וויל געהן אוועקטראגען רפואות א קראנקען אין מלחמיה. און אויף זיין וועג צוריק, זענען איהם זעקס גזלנים בעפאלען און האבען געוואלט ביי איהם די פרדה צונעהמען, אויף וועלכער ער האט געריטען. ער איז אראב פון דער פרדה, האט זי א שמייץ געטון מיט'ן בייטש און זי אהיים פערטריבען, זיך אליין האט ער אין סכנה געשטעלט. ער איז געבליבען מיט די אראַ־בער.

און די פרדה איז געקומען אליין אהיים, אהן איהר רייטער. אזוי לעבט און אזוי שטארבט א אידישער ארבייטער אין ארץ ישראל!

משה'קע איז געשטארבען א שעהנעם טויט, א העלדענטויט. וועט די ערד איהם גרינג זיין ? א ליגען ! ערד איז ניט גרינג. און נאר די ארבייט, מיה און שוויים פון די גייע וואס וועלען זיין ארבייט פארטזעצען וועט שטילען די שטים פון זיין יונגען בלוט, וואס שרייט צו אונז פון דער ערד ארויס...

# יזכור

## משה באַרסקי

(עראינערונגען).

די שיף איז אָנגעקומען אין חיפה אין אָווענד. קוים דערוואַרט דעם פריה־מאָרגען און אַוועק קיין דגניה. דאָרט האָב איך זיך געטראָפען מיט מיינע חברים, וועלכע איך האָב שוין 5 יאָהר ניט געזעהן. מיינע פריינד האָבען זיך, פאַר דער צייט וואָס איך האָב זיי ניט געזעהן, פיעל געענדערט. רייפע, דערוואַקסענע מענשען געוואָרען. בלויז דער אויסדרוק פון דעם געזיכט איז פערבליעבען, ווי פריהער, אַנ׳אָפענער און אַ לויטערער.

דער יאוש און אָפט די פערביטערטקייט וואָס איז די לעצטע צייט געוואָרען אַזוי איינענשאַפטליך דער אידישער יוגענד אין רוסלאַנד, האָב איך ביי זיי ניט גע־טראָפען. דרייסטע בליקען, ס׳טראָגט פון זיי אַ מונטערקייט און אַ פרישקייט פון דעם דאָרף.

כ׳האָב אַזוי געגאַרט צו זעהן מיט מיינע אויגען ווירקליכע אידישע ערד־אַרביי־טער, דאָס ניט קיין אויסגערוהטער פונ׳ם וועג בין איך אַוועק אויפ׳ן שייער. כ׳האָב דאָרט געטראָפען ביז אַ דרייסיג אידישע אַרבייטער. דער שוויים האָט פון זיי גערונען, די העמדער וואָס אויף זיי זענען געווען דורכגעווייקט. געווען אַ שרעקליך הייסער טאָג. נאָר די אַרבייטער האָבען זיך ווייניג וואָס געקימערט וועגען דער היץ און זענען געווען אין גאַנצען פערטון אין זייער אַרבייט. מיר האָט זיך דער קאָפּ פערדרעהט פון היץ. נאָר ס׳איז געווען פּשוט אַ חרפּה אויסצוזאָגען. צו מיין גליק איז עס שוין געווען נאָהענט צו מיטאָג צייט. באַלד האָבען די אַרבייטער אַ לאָז געטון באָדען זיך אין׳ם ירדן.

אין דעם גרויסען עס־צימער פון דגניה איז שוין אַלץ גרייט געווען צום עסען. די אַרבייטער האָבען זיך אָנגעהויבען צונויפקלייבען און אויסצוזעצען אַרום טיש. דערווייל, וואַרטענדיג אויפ׳ן עסען, האָט מען זיך אונטערגעהאַלטען און פערשיעדען פערבראַכט. אַנדערע האָבען געלעזען, אַנדערע האָבען אַרומגערעדט דאָס וואָס זיי האָבען געלעזען. אַנדערע — פערבראַכט אין אַ פילאָזאָפישען שמועס. מיך האָט אָבער בעזונדערס צוגעצויגען איין טיש־ווינקעל, וואו עס איז געזעסען אַ פרייליכע חברה, און האָט געזונגען לידער און געפּויקט צום טאַקט מיט די לעפעל אין די לעדיגע טעלער. דאָס זינגען איז געוואָרען אַלץ פרעהליכער און אַנשטעקענדער, די לעזענדע פער־לאָזען די ביכער און דער גאַנצער עולם איז שוין פערכאַפּט פונ׳ם זינגען. אַט פערציהט איינער „אַל יבנה הגליל“ און דער עולם כאַפּט איהם אונטער און ס׳קלינגט אָפּ מאָדנע דער הילכיגער געזאַנג אין דעם הייסען שטילען געגענד אויף די ברעגען פונ׳ם ים כנרת.

הויבט עס פון ארט דעם עולם, ס'רופט צום טאנץ. שפרינגט ארויס א בחור'ל, א ברייט פלייציגער, מיט העלע האר און בלויע אויגען וואס ברענען מיט א לעבענס־לוסט, און הויבט אן צו טאנצען. די אויגען שיינען אזוי לוסטיג און פרעהליך, און זיין טאנץ איז אזוי אנשטעקענד, אז פיעלע ווערען מיטגעשלעפט פון איהם און לאזען זיך נאך איהם אין טאנץ. מ'נעהמט זיך פאר די הענד און עס פאנגט זיך אן די פאלעסטינער „הארא“. עפעס א ווילדע שעהנקייט ענטהאלט איז זיך דער דאזיגער „הארא“ טאנץ. אנ'עקסטאז, א ווילדער אויסברוך פון לוסט פון א מענשען וואס האט זיך נאר וואס פון א קייט אפגעריסען — פיהלט זיך אין איהם...

באלד איז אבער אנגעקומען דער „תורן“ — (דער ארבייטער, וואס זיין רייהע איז אויפצופאסען אויף דער קיך) און האט איבערגעריסען די שמחה. ער האט פעררופען דעם עולם צום טיש. דער עולם האט איהם באלד געפאלגט און איז שטיל געווארען, נאר איין פרעהליכע חברה מיט דעם בחור'ל מיט די בלויע פרעהליכע אויגען אין מיטען האט זיך ניט בערוהיגט און די גאנצע צייט פונ'ם עסען אלץ פרעהליך און לוסטיג געווען.

איך האב די גאנצע צייט מיט גרויס נייגיריגקייט צוגעקוקט זיך צו די ארבייטער, נאר בעזונדערס האט מיך צוגעצויגען דער יונגער בחור'ל. מיר איז אלץ פארגעקומען מאדנע, ער איז דאך נאך גאר א אינגעל, וואו קומט ער אהער צווישען די פערהארעוועטע ארבייטער פון דגניה. נאר נאך מעהר בין איך פערוואונדערט געווארען, ווען דער אויפפאסער פון דער ווירטשאפט, לויט דער רייהע נאך, האט נאכ'ן עסען פאנאנדערגעטיילט די ארבייט צווישען די ארבייטער פאר דער קומענדער וואך, און האט דעם אינגעל בעשטימט אויף דער וואך.

כ'האב באלד אויסגעדרוקט מיין פערוואונדערונג דעם פערטיילער: „ווי קומט ער איבערגעבען אזא פעראנטווארטליכע ארבייט ווי די וואך, אזא אינגעל“. „אה, דו קענסט נאך ניט אונזער מוישקען“, (אזוי האט מען דעם אינגעל גערופען) האט ער מיר געענטפערט, „דו קענסט איהם פערטרויען די פעראנטווארטליכסטע ארבייט“. כ'האב זיך דערנאך איבערצייגט, אז ער איז געווען גערעכט. פאר דער צייט וואס איך האב פערבראכט אין דגניה האב איך ליעב בעקומען מוישקען. מוישקע איז געווען א טיפ פון א געזונטען ארבייטער אי מיט'ן גייסט אי מיט'ן קערפער. ער איז געווען אן ארבייטער, פאר וועמען די ארבייט איז ניט א מיטעל צום ציעל, נאר א ציעל אן און פאר זיך. מוישקע האט אינסטינקטיוו דערפיהלט וואס עס פאדערט פון איהם ארץ ישראל. און אינ'ם משך פון די זעקס חדשים וואס ער האט געלעבט אינ'ם לאנד איז ער גע־ווארען א מוסטערהאפטער ארבייטער. ער האט זיך אויסגעצייכענט אפילו צווישען די ערפאהרענע ארבייטער פון דגניה. דרייסטקייט און ענטשלאסענהייט און א געוויסע בעאבאכטונגס פעהיגקייט, א שנעלע אריענטירען זיך אין דער לאגע — די אייגענ־שאפטען וועלכע צייכנען אוים דעם ארץ ישראל'דיגען ארבייטער, האט זיך שנעל ענטוויקעלט ביי מוישקען.

איין מאל ווען איך האב איבערגענעכטיגט אין דגניה, האט מיך פארטאג עפעס

א שארך אויפגעוועקט. איך האב זיך אויפגעהויבען און דערזעהן ווי מוישקע פויזעט שטיל מיט א רעוואלווער אויף'ן קאפ. כ'האב בעשלאסען אז ער ציעלט אין א שלאנג און געוואַרט אויפ'ן שאס. עס איז אריבער מעהר ווי א פערטעל שעה און מוישקע האט זיך נאך אלץ ניט אומגעקעהרט. כ'בין ארויס איהם אפזוכען. אנטקעגען מיר זייַנען אנגעקומען צוויי אראבער און הינטער זיי מוישקע. אין איין האנד דעם רעוואלווער אנגעשטעלט אויף זיי, אין דער צווייטער זייער געוועהר. ער האט זיי בעמערקט גנב'ריג ארבוסען אין גארטען, און טראָץ דעם וואס זיי זענען געווען אין צווייען איז איהם געלונגען צו ענטוואפנען זיי און ברענגען אין פארם.

נאר ווען די אראבער האבען אנגעהויבען בעטען זיך מ'זאל זיי אבלאזען, ווייל פון הונגער זיינען זיי געצוואונגען געווען צו גערן גנב'ענען, איז מוישקע געווען דער ערשטער וואס האט זיך פאר זיי איינגעשטעלט און גע'פועל'ט מ'זאל זיי אב־לאזען און אבגעבען צוריק זייער געוועהר.

מוישקע איז געווען ניט נאר א מוטיגער וועכטער, נאר אויך א גוטער אר־בייטער. ער האט געארבייט פלינק און לייכט. אין דער צייט פון דער ארבייט פלעגט זיין פנים זיין ערנסטער, זיין בליק פערטון, ער פלעגט דאן אויסקוקען פיעל עלטער פון זיינע יאהרען. מיטאג־צייט, אבער, פלעגט זיך ווידער הערען אינ'ם הויף מוישקעס פרעהליכע געזאנג און זיין ארײנטאנצען אין עס־צימער. ס'פלעגט ווידער ערשיינען פאר אונז דער גוטער וואוילער און ליעבהארציגער מוישקע, דער איינגעל מ ו י ש ק ע .

אין דער פרייער צייט האב איך מוישקען אנגעטראפען אין דער דגניה'ער ביב־ליאטעק. וואס איהם איז געווען ניט פערשטענדליך אינ'ם לעזען, פלעגט ער זיך גערן ווענדען צו זיינע חברים נאך ערקלערונגען און פלעגט עס אויפנעהמען און כטארען זיך פערגעדענקען.

אין אלץ האט זיך ארויסגעוויזען זיין ריינע נשמה און עהרליכע נאטור, און ס'איז אונמעגליך געווען איהם ניט ליעב צו האבען.

איינמאל בין איך קראנק געווארען אויף א שווערען פיבער. כ'בין א פאר טעג געלעגען כמעט אהן בעוואוסטזיין. ביי נאכט האב איך זיך אויפגעכאפט און דערזעהן מוישקע'ן ארום מיר. זיינע אויגען האבען אויסגעדריקט אזוי פיעל מיטלייד, מיט־געפיהל און פריינדשאפט, אז ס'איז ווארים געווארען אויף דער נשמה. כ'האב איהם גע־בעטען צוזעצען זיך אויף מיין געלעגער נעבען מיר. מויישקע האט מיר דאן דערצעהלט פון זיינע פאלעסטינער איינדריקע.

ער האט מיר דערצעהלט ווי גליקליך ער איז דא, ווי פריי עס א ט ע מ ט זיך צווישען די פאלעסטינער פעלדער. ער האט אויפגעפאסט דאס לעבען זעהר פשוט, אלץ איז איהם געווען קלאר. מיר איז תחילת פערדראסיג געווארען. כ'האב א קלעהר געטון, נו, וואס וועט זיין ווען ער וועט זיך אנשטויסען אן דאס בייזע לעבען, ווי וועט עס ווירקען אויף זיין יונגער ניט בעריהרטער נשמה? נאר באלד האט ער אליין

אנגעהויבען רעדען מכח די נעגאטיווע זייטען פונ'ם לעבען אין ארץ ישראל. ער האט געוואוסט פון דאס שלעכטע, אבער דאס האט איהם ניט ענטמוטיגט נאר ארויסגערופען א שטרעבען צו פערבעסערען, צו פערריכטען. ער האט שטארק געגלויבט אין זיינע אייגענע כחות, אין די כחות פון זיינע חברים און אין'ם כח פון'ם אידישען פאלק וואס וועט זיך סוף כל סוף אויפוואכען צו א ניי לעבען.

שטאלץ און קרעפטיג האט געקלונגען זיין שטימע ווען ער האט גערעדט וועגען דער צוקונפט פון'ם אידישען פאלק אין א"י. פאר מיר איז דאן געשטאנען ניט דער פרעהליכער מוישקע, וועמען איך האב צום ערשטען מאל געזעהן אין דגניה, אין עס־צימער, נאר א שטאלצער איד. און א מענש וואס האט זיין וועג אין לעבען...

* * *

שבת כ"ב חשון אין 1913 יאהר איז מוישקע אוועק רייטענדיג אויף א פרדה קיין מלחמיה ברענגען א רפואה פאר א קראנקען חבר. ס'איז אין גאנצען א שעה רייזע פון דגניה. ס'זיינען פאראיבער עטליכע שעה, ס'ווערט שוין נאכט און מוישקע האט זיך נאך אלץ ניט אומגעקעהרט. מ'איז געווארען נאך אומרוהיגער, ווען מ'האט דערזעהן די פרידה וועלכע האט זיך אליין אומגעקעהרט אין דגניה אהן מוישקען. איך האב דאן געארבייט אין כנרת, 15 מינוט גאנג פון דגניה. ווען מען איז געקומען פון דגניה און דערצעהלט אונז דאס מוישקע האט זיך נאך אלץ ניט אומגעקעהרט, האט זיך קיינער פון אונז ניט בעאונרוהיגט. מיר האבען געוואוסט, מוישקע קען זיך זיין שטערטעל בעשטעהן. ווען עס איז שוין געווארען גוט פינסטער, זיינען שוין אלע געווארען שטארק אומרוהיג. מיר האבען זיך צולאזט אויף אלע וועגען זוכען מוישקען. 12 א זייגער ביי נאכט האבען מיר איהם געפונען... א טויטען.

און ניט קיין גלייכען קאמפף איז מוישקע געפאלען. ער האט אבער געלאזט טייער בעצאהלען פאר זיין לעבען.

ווען ער האט זיך אומגעקעהרט צוריק פון מלחמיה זיינען איהם אויפ'ן וועג בעפאלען זעקס אראבישע רויבער, זיי האבען געוואלט אבנעהמען ביי איהם די פרידה. מיט'ן שאס פון א ביקס האבען זיי איהם באלד פערוואונדעט. מוישקע האט גלייך דערפיהלט, אז ער וועט זיך שוין פון זייערע הענד ניט ארויסרייסען זיך. נאר זיין בהמה וועט א אידישער ארבייטער כל זמן ער לעבט ניט אוועקגעבען. און מוישקע איז אראבגעשפרונגען פון דער פרידה און מיט א שמייז איהר אוועקגעטריעבען אהיים, און אליין איז ער געבליעבען ראנגלען זיך מיט די זעקס רויבער, מוישקע האט זיך מיט זיי געראנגעלט ביז דער לעצטער קויל. פון די זעקס אראבער זיינען נאר געבליעבען 4. צוויי זיינען געפאלען פון זיינע קוילען. נאר דער קאמפף איז ניט געווען קיין גלייכער. קיינער פון אונז האט ניט געהערט קיין שיסערייען און ניט געקענט קומען צו הילף און מוישקע איז געפאלען.

## א בריעף

(איבערזעצט פון העברעאיש)

סקווירא, יום ז׳ טבת, תרע״ד.

געעהרטע חברים — די גרופע פון דגניה!

איך האב געקריגען אייער טייערען בריעף געשריעבען מיט טרעהרען און מיט בלוט. אין איהם האט איך געזעהן אמת׳ע ווערטער וואס געהען ארויס פון הערצער פון ליעבענדע, פון פריינד, וואס זענען פערבונדען א הארציגען בונד וואס וועט קיינמאל ניט צוריסען ווערען.

טייערע חברים! וואס מיר האבען ניט ערווארט, האט פאסירט. א גרויסער בראך איז געקומען אויף אונז, אבער איך גלויב, אז אייער גייסט וועט ניט פאלען און איהר וועט ניט צוריקגעהן חלילה. אדרבה! איך האף, אז דער געדאנק פון מיין פערשטארבענעם זוהן וועט נאך אייך צוגעבען מוט און שטאלץ בייצושטעהן אייער הייליגע מלחמה ביז מיר וועלען פערווירקליכען אונזער גרויסען געדאנק, וואס צוליעב איהם און צווישען אייך האב מיין זוהן זיין בלוט און לעבען מקריב געווען.

ברידער! ניט נאר דאנקען אייך פאר אייער בעטייליגונג אין מיין צער, נאר אויך טרייסטען אייך וויל איך, ווייל מיין צער איז דאך אויך אייער צער. לאמיר־זשע האפען איינאיינעם, אז דאס בלוט פון אונזער גרויסען קרבן — דאס בלוט פון מיין זוהן און אייער ברודער משה וועט בעוויליגט ווערען, און אפשר וועט דאס זיין דער לעצטער קרבן אויפ׳ן מזבח פון אונזער געדאנק.

מיט ציון׳ס־גרוס און מיט טרייסט, אייער פערעהרער וואס האפט אויך אייך בעקאנט צו זיין.

הירש באָרסקי



חבר יוסף זאלצמאן

פון ווארשא. געפאלען אין א צוזאמענשטויס מיט אראבישע רויבער נעבען דעם פארם כנרת.

סוף חשון, תרע"ד.




(פון ווארשא ביז כנרת)

ס'איז געווען ווינטער, 1912־טען יאהר. נאך דער רוסישער רעוואלוציע. ווי פערליעבטע, וואס האבען זיך מיט אמאל אויסגעניכטערט האט א פוסטקייט געמאטערט. א טייל איז אוועק צו זיינע שמאלע פערזענליכע אינטערעסען, א טייל האט זיך געראטעוועט מיט קונסט, מיט'ן עסטעטיזם. א כאראקטערלאזע צייט — א פערלעגענהייט געווען.

פאר די ניט פיעלע, וואס זיינען געווען אויף פריהער, אין טומעל צייט, פערבונדען מיט א"י איז איצט א"י געווארען נאך נאהענטער און דרינגליכער.

אין דער צייט פון דער רעוואלוציע איז מען געוועזען זעהר פערנומען. פאלעסטינא איז געווען ניט מעהר ווי א ווייטע אבסטראקציע; א מין געמיש פון דער חדר־ראמאנטיק מיט'ן חורבן־קאשמאר... א"י איז געווען אונקלאר און ווייט.

ווען פון דעם רוסישען „משיח“ בן יוסף — פון דער רעוואלוציע האט זיך גאר נישט אויסגעלאזען, איז אויפגעוועקט געווארען א נייער אינטערעס צו ארץ ישראל. ס'האט זיך געוואלט קאנען און וויסען דאס לאנד.

דערצו די אפטע גרוסען וואס פלעגען אנקומען פון דארטען, גרוסען אין וועלכע ס'האט געקלונגען א נאטקע פון גלויבען אין זיך און פון שטאלץ, האבען נאך מעהר גערייצט און גערופען „אינ'ב לאנד וואו“... אינ'ב טעמפען ווינקעל פון די „הזמיר'ס“, „ליטעראַרישען פעראיינען“ איז טויט לאנגווייליג געווארען. ארץ ישראל האט געוואונקען פון ווייטען: אפשר... דארט אביסעל פרייע לופט דעם אטהעם אבצוכאפען... אפשר אביסעל היימישקייט פאר זיך אליין... א טראפען מנוחה פאר א אידישער נשמה...

* * *

יענעם ווינטער איז יוסף זאלצמאן געקומען פון ארץ ישראל אין ווארשא שטעלען זיך צום „פריזיוו“.

א העלער בלאנדין מיט ברייטע פלייצעס מיט נאך א ברייטערען און העלערען שמייכעל... א גאלדיג לאקען האר, פון דער זון אבגעברענט, וואס איז איהם איבער'ן שטערען אראבגעהאנגען און די פראסטע ניט־ווארשעווער קליידער האבען איהם ארויסגעגעבען פאר א ניט־היגען.

זיין קומען איז פאר מיר געווען א זאך אין דער צייט. כ'האב נאך קיינמאל ניט אזוי ווי דאן געגארט נאך א פרישען אונמיטעלבארען גרוס פון ארץ ישראל. כ'האב אבער שנעל דערפיהלט, אז ניט יאסעל איז דער מענש פון דערצעהלען פון א לאנד דערצעהלען קאן נאך אפשר דער טוריסט, דער מענש מיט די ערשטע איינדריקען. אבער דער איינגעלעבטער מענש — איהם איז עס שווער. די אייגענארטיגקייט פון זיין סביבה בעמערקט ער ניט אזוי גוט. ס'קומט איהם פאר נאטירליך און געוועהנליך. בפרט יאסעל וואס האט נאר ג ע פ י ה ל ט די אטמאספערע און די שטומע ניואנסען פון פאלעסטינא. ער האט ניט געקאנט דערצעהלען.

איינמאל האב איך יאסלען צונויפגעפיהרט מיט א געוויסען ציוניסט. א איך א סוחר, האט ער זיך א נעהם געטון פאנאנדערפרעגען: וואס פארע געשעפטן קאן מען דארט מאכען? וויפיעל פערדיענט א קרעמער. אנ'ארבייטער? ווי טהייער א פוד ווייץ, האבער? — יאסעל האט מיט די פלייצעס געקוועטשט און ניט געוואוסט וואס צו טון מיט דעם אידען. „כ'ווייס. אמאל טייערער, אמאל ביליגער, אמאל פערדיענט מען מעהר אמאל ווייניגער — וואס איז אייגענטליך די נפקא מיניה?“ די צוויי מענשען האבען ניט געקאנט צוזאמענרעדען זיך. פאר יאסלען איז דאך דאס געווען ניט קיין „סטאטיסטיק“ און אפילו ניט קיין פעקעל פראבלעמען, נאר אנ'אינטימע אנגעלעגענהייט, דער סוד פון זיין לעבען...

ער האט וועניג דערצעהלט פון ארץ ישראל, נאר אין זיין גאנצען האלטען זיך, אין זיין לאכען און זינגען האט זיך גוט געפיהלט אז דער מענש לעבט מיט אנדערע הימלען, מיט אנדערע ווייטע ניט היגע אינטערעסען.

מיר האבען זיך בעפריינדעט. ער האט מיך גערופען ביי מיין העבערעאישען נאמען — „צבי“... פון די אבגעריסענע בעמערקונגען, אגב־אורחא עפיזאדען איז מיר ביס־לעכווייז נעהנטער און בעגרייפליכער געווארען די טראגישע שעהנקייט פונ'ם לעבען וואס עס מאכען דורך די אידישע ארבייטער און שומרים אין ארץ ישראל.

נאטירליך — נאר טונקעל געשפירט עס און ס'האט געצויגען און בעאונרוהיגט...

א קלייניגקייט און עס געדענקט זיך:

אין ווארשא זייענדיג האב איך ניט זעהר ליעב געהאט די „חובבים“ מיט זייער „שלום“. עפעס טוכלעס. איז דאס געווען. נאר אמאל, אין מיטען דער טומעלדיגער, צושויבערטער גענשא גאס, האט זיך יאסעל מיט מיר געזעגענט, גוט־ברידעריש די האנד געדריקט און הויך „שלום“ אויסגעשריען. דאס מאל האט דער שלום אזוי סימפא־טיש אבגעקלונגען; גאר אנ'אנדער מונטערקייט, א פרישקייט פון קלאנג, א טאן פון א לעבעדיגען מענשען. און אז אונקלארע האפנונג האט געשמייכעלט: העבערעאיש אין ארץ ישראל איז... — —כ'ווייס ני ווי — נאר אנדערש, אנדערש ווי דא.

* * *

יענעם ווינטער האב איך געוואוינט אין פאלעניצע — א וואלדיג ארט נעבען ווארשא. חנוכה צייט איז עס אויסגעפאלען. געווען א קינדער יום־טוב אין דער פא־

לעניצער שולע. א חברה גוטע פריינד פון ווארשא זיינען צו מיר אראבגעפאהרען, פערבהענגען חנוכה אוועקנד אויף א ווינטער דאטשע. צווישען זיי געננער, אונפארטייאישע — פערזענליכע פריינד. די שטילע לעדיגע ווינטער נאטור ארום און די הארציגע אידישקייט פונ'ם קינדער יום-טוב האבען אונז אלעמען גוט געשטימט.

מ'האט ביי מיר דעם אווענד פערבראכט, געפיהלט זיך גוט און היימיש. אנ'אויסערגעוועהנליכע לייכטקייט און אויפגעלעגטקייט. זעלטען ווען עס טרעפט, אז מענשען ווערען פלוצלינג אהן „א פארוואס" גלאט אזוי: גוט, ליעב און ליכטיג...

אידישע פאלקס-ליעדער זיינען דאן שטארק אין דער מאדע געוועזען. האבען מיר עס געזונגען און איבערגעזונגען. נאר מעהר פון אלעמען האט זיך יאסעל געפיהלט. זיין הילכיגע שטים, זיין ברייטער, פרייליכער געלעכטער און חסיד'ישער ברען, האט זיך איבערגעגעבען דעם עולם און ווי גערופען, געוואונקען פון ערגעץ וואו... — „דער ארץ ישראל'דיגער פויער" האבען איהם די חברה א נאמען געגעבען.

איין לידעל האט יאסעל מיט א בעזונדער אימפעט און חשק געזונגען. דאס איז עפעס א נאכאהמונג פון א געוויסער פאלקס-ליעד:

מיינט ניט אידען, אז ס'איז ליצנות
אונזער ארבייט, אונזער מיה,
ארץ ישראל, בנאמנות,
וועט זיין אונזער'ס, שפעט צי פריה!

אהן א ריטמוס, אהן א מאס, דאך האט מען אין יאסלען, אין זיין התלהבות געפיהלט דעם ריטמוס, דעם אינערליכען שטומען וועה וואס האט געפעהלט אין די ווערטער... אלע האבען עס נאכגעזונגען אלין בעגייסטערטער און בענקשאפטליכער: „מיינט ניט אידען... אז ס'איז ליצנות אונזער ארבייט, אונזער מיה"...

ס'איז געווארען אומעטיגלאך און פערדראסיג: א הייליגע ארבייט, א גרויסע מיה, און אידען... אידען טרייבען שפאס, מאכען ליצנות...

שפעט ביי דער נאכט צום לעצטען צוג אין ווארשא, האבען מיר דעם עולם בעגלייט מיט דעם ניגון. אויפגעריסען אידען פון שלאף... פון אלע וואגאנען האבען זיי זיך צונויפגעלאפען זעהן דעם בייז-וואונדער: דרייסטע אידישע שטימען אין מיטען דער נאכט אויף א וויסטען, שטילען וואקזאל...

און מיינע פריינד האבען זיך געוויצעלט: „וואס זאגסטו? — יאסעל! ער האט אונז נאר אין ארץ ישראל פעדשלעפט..."

* * *

יאסעל איז פערבליעבען ביי מיר אויפ'ן דאטשע אויף א פאר טעג. א זוניג-שיינענדער פריהמארגען אין א סאסנאווען וואלד. ארום א ווייסער, ווייסער אונגעריהרטער

שנעע. שפאצירען מיר זאלבענאנד. פריש, העל און גוט ארום און ארום. געהן מיר און שווייגען.

— יאסעל, דאס איז ניטא אין פאלעסטינא ?

— יא, דאס איז דארט ניטא.

— ווי, גאר קיין וואלד ניטא ?

— יא. חדרה. נאר ס'איז ניט דאס... אונהיימליך געווארען...

נאך א לאנגער פויזע רייס איך איבער דעם שווייגען :

— ווייסט, יאסעל, פרעמד, שרעקליך פרעמד פיהל איך דא. אומעטום וואו דו זאלסט זיך ניט א קעהר טון. אין טראם, אין וואגאן, שטעכען דיך אדורך שארפע שפיזען, בליקען פול מיט האס און רשעות... אנומעלט א גרויער, צוקראכענער פאר־נאכט געוועזען... ארומגעבלאנקעט אין גאס... צוויי פוילישע ארבייטער זיינען א היים פון דער ארבייט אין א אידישע ווילע געגאנגען. דערהערט א שטיקעל געשפרעך זייערען. — „זונטאג איז די פוילישע קלייט אויף יענעם זייט געווען פערמאכט, און ביי א אידען — א חראבע וועל איך ביי איהם קויפען"...

נו, און די אידלעך מיט די שטעקעלעך און משונה'דיג ווילדע העויות, וואס דרעהען זיך ארום אויפ'ן וואקזאל א גאנצען טאג, שאכערען מיט ווילעס, וועלכע זיי האבען קיינמאל אין די אויגען ניט אנגעזעהן, כיטרעוועז, בעשווינדלען איינער דעם אנדערען און לויפען צום „רבין". און זייערע טעכטער וואס לאבען זיי אויס הינטער די פלייצס און רעדען פויליש... — ס'איז שלעכט יאסעל...

ער האט א לענגערע ווייל געשוויגען, דערנאך מיט אן אומעטיגען שיין אין די אויגען געזאגט :

— הער, צבי, קום, פאהר מיט מיר אהיים...

— וואס וועל איך דארט טון, יאסעל ?

— ארבייטען.

— און געזונד ?

— הם... דאס איז אביסעל ניט גוט. נאר וועסט דא אבזיצען דעם ווינטער, דערנאך דער ווארימער קלימאט אין ארץ ישראל, ניש-קשה, דו וועסט געזונד ווערען און קאנען ארבייטען...

* * *

פאר פורים איז ער אוועקגעפאהרען קיין קראקוי מיטנעהמען זיין בעסטען און ליעבסטען פריינד י. ט. „י. קאן און דארף שוין פאהרען אין ארץ ישראל. ער וועט



דארט קריעגען זיין בעפריעדיגונג" — האט ער מיר געזאגט פאר'ן אבפאהרען. כ'האב פון איהם נאך עטליכע בריעף בעקומען פון קראקוי. אין איינעם פון די בריעף בעט ער מיך „מיטנעהמען וואס מעהר חברים, מ'נויטיגט זיך דארט אין פרישע כחות".

נאך פסח זיינען מיר ביידע אין איין צייט בערך אנגעקומען קיין ארץ ישראל. ער דורך טריעסט קיין חיפה, איך דורך אדעס קיין יפו.

* * *

צוויי יאהר צייט זיינען מיר ביידע אבגעווען אין ארץ ישראל און איינמאל ניט געזעהן זיך. איז עס א צופאל? ניין. כ'וויים פאר וואס און כ'וועל עס ניט פערלייקענען.

באלד ווי איך בין אין די יהודה'ר קאלאניעס געקומען, האב איך זיך גלייך איבערצייגט, אז אן ערד-ארבייטער, און ווער רעדט א וועכטער איז ניט לויט מיינע כחות נאך. נו, איז געווען קאלאמוטנע אויף'ן הארצען. ס'איז מיאוס פאר זיך אליין, לעבען צווישען די ארבייטער ווי א צושויער, ווי א זייטיגער מענש. אין ארץ ישראל איז א מין קריעגס-צושטאנד, ביי נאכט מיט'ן ביקס און ביי טאג מיט'ן אקער. די „גאלדענע פעדער" איז דארט א לוקסוס-זאך און דער פראפעסיאנעלער אינטעליגענט כמעט ווי אן איבעריגער מענש.

עס איז נאך פיינליכער און שווערער פאר אזא, וואס ווייסט און פיהלט, אז דער גאנצער ווערטה און זין פון ארץ ישראל איז נאר אין דער אידישער ערד-ארבייט.

נו, איז יוסף זאלצמאן געווען מיין שווערסטע בעגעגעניש, האב איך איהם אויסגעמיעדען...

פאר דער גאנצער צייט האב איך פון איהם איננאנצען א צוויי דריי גרוסען נעהאט. איין גרוס געדענקט זיך מיר.

צווישען די הויכע אנגעשלאסענע און פערלאזענע בערג ארום ירושלים האט זיך דאן נאך א אידישע פארם נעגרינדעט — כפר-אוריה. דער אלטער גארדאן מיט זיינע חברים זיינען געווען די ערשטע „קבוצה" פון אידישע ארבייטער וואס האבען זיך דארט בעזעצט.

כפר-אוריה איז געווארען א שטיקעל שבת, א „נשמה יתירה" פון דער אידישער ארבייטערשאפט אין ארץ ישראל. מיט א בעזונדער יראת-הכבוד און ליעבשאפט האט מען דעם נאמען ארויסגערעדט. אין דער „קבוצה" איז אויך יוסף זאלצמאן אריין.

מאכט זיך אמאל, אז דעם כמורנעם און ניכטערען ברענער'ן קומט אויס צו איבערנעכטיגען אין כפר-אוריה ביי זיין פריינד גארדאנ'ען.

קומט ער צוריק אין ירושלים, פרעג איך איהם :



—נו, וואס איז עפעס כפר־אוריה?

— אהא כפר־אוריה!

— האט איהר זיך דארט בעקאנט מיט ווענען?

— ניין. נאר פון דערוויטען געזעהען יוסף זאלצמאנען אויסשפאנענדיג די פערד פארנאכט קומענדיג פון פעלד; געזעהן ט. יא, נאך פאראן ביי אידען עטליכע גוטע יונגע לייט... אה, כפר־אוריה...

מעהר האב איך פון יאסלען קיין גרוס ניט געהאט ביז דעם טאג ווען עס האט זיך בעקומען אין רעדאקציע פון „האחדות" די ידיעה פון כנרת...

* * *

פאר פסח בין איך אין גליל געפאהרען: דער שטילער שפע פון עמק יזרעאל, די הויכע און בערוהיגענדע בערג, די הייליגע טריישאפט פון די ארבייטענדע ברידער און שוועסטער, די נייע זאנגען פעלדער פון דגניה, די בלויע וואסער לעגענדע — כנרת האבען מיך בערוישט. אין קאפ האט זיך געמישט פסוקים פון היסטאריע — „דער גליל איז געווען בעדעקט מיט דערפער און האט אויסגעזעהן ווי איין שטאדט", און די וויסטקייט פון די בערג און טהאלען, די שטילע זוניגע דערפער, די איינציגע פארמס, די שטיקלאך פערזייעטע ערד האבען קינדיש העל און פרעהליך געשיינט דיר אנטקעגען.. די צוואָרפענע שטראהלען פון בויען און בעלעבען האבען געשמייכעלט, געמונטערט און צוגעזאגט... דאס הארץ איז איבערפילט געווארען און די ליפען האבען שטיל געבענשט די איינזאמע ברידער און שוועסטער פון גליל... ווי מאנאכען צווישען בערג פערשפאנטע, מיט גרויסער ליעבשאפט צום פאלק און לאנד אין הארצען, און מיט בעשיידענער מסירות־נפש'דיגער ארבייט.

איך בין ארומגעגאנגען פון דארף צו דארף ביז כנרת. דא האב איך זיך געזעגנט זעהן מיט יוסף זאלצמאן צום ערשטען מאל אין ארץ ישראל...

* * *

אויף'ן וועג פון כנרת קיין ביתניה צווישען פערזייהטע פעלדער שטעהט אן איינזאמער ארומגעצוימטער קבר. אינווייניג וואקסען בוימלעך. ארום שטיל און זוניג, רוהיג ווי דער טויט און אפשר ווי דער העכסטער גליק פון לעבען... —יוסף זאלצמאן'ס קבר.

טאג טעגליך געהען פערביי דעם קבר זיינע חברים ארבייטער געהענדיג אין פעלד און פון פעלד... פאלט דער בליק אויפ'ן קבר, פערכמורעט זיך א ווייליע... ווער נאך ווי די ארץ ישראל'דיגע ארבייטער קאנען טיעף בעגראבען זייער וועהטאג און שווייגען...

* * *

# יזכור

דארט האב איך עטליכע ישעה פערבראכט. ווער קאן עס ארויסזאגען וואס יענע עטליכע שעה זיינען פאר מיר געוועזען...

ווען איך בין אוועק פון דארטען האב איך אנגעטראפען זיין בעסטען חבר ט. פאהרענדיג אויף א פולען וואגען תבואה. אונזערע אויגען האבען זיך בעגעגענט און ווי צום ערשטען מאל איינע די אנדערע די טרויעריגע בשורה אנגעזאגט... דער קבר איז צווישען אונז ביידע אויפגעשוואומען...

אלכסנדר






## חבר יעקב פעלדמאן

געפאל'ען אויף דער וואך אין כע־
דושערא, ח' כסלו, תרע"ד.




זונטאג, דעם 8טען כסלו, תרע"ד ביינאכט, איז געפאלען דער יונגער וועכטער, חבר י ע ק ב פ ע ל ד מ א ן אויף זיין פאסטען, ביי דער פארם סערזשערא.

יעקב פעלדמאן האט פריהער געארבייט אין מלחמיה. מיט א האלב יאהר פאר זיין טויט איז ער אנגענומען געווארען אלס וועכטער אין יבנאל (יעמא), זייענדיג איג־טעליגענט און איבערגעגעבען צו דעם געדאנק פון אידישער וואך, האט ער זיך אויס־געצייכענט מיט זיין דרייסטקייט און מוטה אלס וועכטער אין בית־גן, פונקט ווי אין זיין לעצטער נאכט.

אין בית־גן האבען איהם אמאל אבגעהיט די גנבים און פלוצלינג בעפאלען מיט דעם ציעל צו צונעהמען ביי איהם זיין געוועהר. דער יונגער וועכטער האט זיך אבער העלדיש פערטיידיגט, און נישט קוקענדיג אויף אלע קלעפ און וואונדען, וועלכע ער האט בעקומען פון זיינע אנגרייפער, האט ער זיין געוועהר פון האנד ניט ארויס־געלאזען.

די לעצטע נאכט פון זיין וואך, אין סערזשערא, איז געווען שווארץ־פינסטער און רעגענדיג. ארומדרעהענדיג זיך ארום פארם האט ער דערפילט גנבים, וועלכע האבען זיך אונטערגעגראבען אונטער'ן וואנד און אריין אין וו־ז'ס קרעמעל. פעלדמאן איז צו־געגאנגען נעהענטער כדי צו כאפען די גנבים בשעת'ן ארויסגעהן. אין דער פינסטערנייש האט ער אבער נישט דערזעהן, אז דערביי שטעהען נאך איינער אדער עטליכע רויבער, וועלכע בעוואכען זייערע חברים, וואס זיינען אריין אינעוויייניג. ווי ער איז נאר צוגעקו־מען האבען זיי אין איהם אויסגעשאסען אין דער פינסטער. די קויל האט איהם געטרא־פען אין קאפ און ער איז געפאלען טויט אויף'ן ארט. די מערדער זיינען אנטלאפען.



**חבר יצחק ראזלער**

פון קיטאי־גאראד, פאדאליער גובערניע. פערוואונדעט געווארען בשעת אנ׳אנפאל אויף חדרה
כסלו, תרע״ד, און געשטארבען פון די וואונדען כ׳ אדר, תרע״ד.




געבוירען אין א זיד־רוסלענדיש שטעדטעל, (אין קיטאי־גאראד, פאדאליער גובער־ניע), ביי פערמעגליכע עלטערען, קריעגט ראזלער א טראדיציאנעל־אידיישע ערציהונג און שוין יונגערהייד ערוועקט זיך אין איהם א שטרעבונג נאך ארץ ישראל. אין 1909, זייענדיג אין גאנצען 19 יאהר אלט, בעשליסט ראזלער צו פערלאזען זיין היים און זיינע עלטערען און אוועקפאהרען אין א לאנד פון זיינע חלומות.

די עלטערען פראטעסטירען — אבער דער יונגער ראזלער בעשטעהט פעסט אויף זיין בעשלוס, פאהרט אוועק אין ארץ ישראל און ווערט א פעלד ארבייטער. אין חדרה ביי דער „אגודת נטעים“ הויבט ראזלער אן זיין נייע לעבען. אין דער פרייער צייט פון ארבייט גיט ער זיך פיעל אב מיט געזעלשאפטליכע טעטיגקייט און ווערט זעהר טיכטיג אין פערטיידיגען די ארבייטער אינטערעסען.

ארבייטענדיג צוויי יאהר אין לאנד פאהרט ראזלער צוריק א היים, צו שטעלען זיך צום „פריזיוו“ — און ברענגט מיט זיך מיט א רוף פון זיין נייעם לעבענס־אידעאל אין אידישען צוקונפטס־לאנד. דער בעגייסטערטער רוף פון דעם יונגען פיאניר האט א ווירקונג און פיעלע פריינד און בעקאנטע פון זיין שטעדטעל פערלאזען זייער אלטע היים און פאהרען בעזעצען זיך אין ארץ ישראל.

נאכ'ן פריזיוו קעהרט זיך ראזלער צוריק נאך ארץ ישראל און שטעלט זיך ווידער ארבייטען אין חדרה. ווען די תימנ'ער אידען הויבען אן אריינצוואנדערען נאך ארץ ישראל אלס ערד ארבייטער און א טייל פון זיי קומען אן אין חדרה — גיט זיך ראזלער איבער מיט לייב און זעעלע דער ארבייט איינצואורדענען די נייע אנגעקומענע אין דער פרעמדער פאר זיי סביבה, און די תימנ'ער געפונען אין'ם יונגען אשכנז'ישען ארבייטער אן איבערגעגעבענעם חבר. די צוויי ווייטע און פרעמדע וועלטען פער־איינינגען זיך אין דער געמיינזאמער ליעבשאפט און איבערגעגעבענהייט צום לאנד און צו דער אויפלעבונגס־ארבייט.

אין דער לעצטער צייט פאר זיין טראגישען טויט ווערט ראזלער א מיטגליעד אין א „קבוצה“ אין גן־שמואל, אלין אין דער זעלבער חדרה. און אין דער קאלאניע, וואו ער האט פינף יאהר געארבייט — איז איהם אויך בעשערט געווען צו געפינען זיין פריה־צייטיגען טויט :

דעם צעהנטען כסלו, תרע"ד, בשעת אן איבערפאל, ווערט ראזלער שטארק פער־וואונדעט און אין דריי חדשים ארום כ' אדר, נאך שווערע יסורים, איז ער געשטארבען אין שפיטאל אין חדרה.



## חבר יצחק טורנער

פון לאדז, פערלאזען אין זיבעטען קלאס די יפו׳ר גימנאזיע און געווארען א וועכטער. אויף דער וואך אין חדרה איז ער קראנק געווארען און געשטאר־בען אין יפו, תרע״ה.




(ביאגראפישע נאטיצען)

אלס דרייצעהן־יעהריג אינגעל איז ער אין יאהר תרס״ה געקומען אין ארץ ישראל און אריינגעטראטען אין ערשטען קלאס פון יפו׳ר גימנאזיע. די עלטערען זיינע האבען איבערגעלאזט אין לאדז א טוך פאבריק און זיינען געקומען אין ארץ ישראל נעבען זייערע קינדער א נאציאנאלע ערציהונג. א פינאנסיעלער קריזיס טרייבט צוריק די על־טערען אין לאדז, און דער יונגער טורנער מוז נאך צוויי יאהר פערלאזען די גימנאזיע צו וועלכער ער האט זיך שוין צוגעבונדען. אין לאדז געבען איהם די עלטערען אריין אין א טעכנישע שולע. דער פאטער וויל מאכען פון זוהן א אינזשענער, ער זאל קאנען שפע־טער איבערנעהמען די פאבריק — דער יונגער טורנער רייסט זיך אבער צוריק אין יפו׳ר גימנאזיע. די עלטערען לאזען ניט. יצחק׳ן ציהט אבער אהין, און קיין זאך קאן איהם ניט אבהאלטען. ער צוקריגט זיך מיט׳ן פאטער און קעהרט זיך אום אין יפו. אין א קורצער צייט דעריאגט ער די חברים וואס ער האט פערלאזען מיט צוויי יאהר צוריק און טרעט אריין אין פיערטען קלאס.

ס׳לויפען אוועק עטליכע יאהרען. די יפו׳ר גימנאזיע ענטוויקעלט זיך. פון אנ׳אונ־בעמערקטע שולע אין א קליין הייזעל, אין א פארווארפען אראביש געסעל אין יפו, מיט א אונבעדייטענדע צאהל תלמידים און ב״ח לערער, וואקסט אויס די פראגרעסיווע גימנא־זיע אין דער הויפט־גאס פון תל־אביב מיט א גרויסען לעהרער־פערסאנאל און הונדער־טער שילער פון אלע עקען וועלט. די גימנאזיע ווערט דער צענטער פון יפו און די גאסען פון תל אביב ווערען פול מיט געזונדער נייער יוגענד וואס קאנצענטרירט זיך אין׳ם גרויסען קולטור אנשטאלט. די גימנאזיסטען ווערען די „בנים יקירים“ און „ילדי־שעשועים“ פון דעם נייעם אידישען קווארטאל; זיי פיהלען אז מען לעגט אויף זיי פיעל האפנונגען און ווילען עפעס אויפטון — און ווייסען ניט וואס.

אגודות נאך אגודות ווערען געגרינדעט, „פראבלעמען“ ווערען דיסקוטירט, מיט התלהבות מיט א ברען. מ׳זוכט עפעס א וועג — און מ׳ווייס ניט וואו אנצוהויבען. דאן נעמט זיך צוזאמען א גרופע פון זיבעטען קלאס און בעשליסען צו פערלאזען די גימ־נאזיע און געהען ארבייטען אין פעלד. איינער פון זיי איז טורנער.

אין גימנאזיע האט טורנער זיך בעצויגען זעהר סקעפטיש צו דעם שטענדיגען קהל׳ען זיך פון זיינע חברים, חאטש ער אליין האט פערנומען ביי זיי דעם אויבען אן. ער פלעגט אבלאכען פון זייער שפיעלען זיך אין פעראיינען. ער האט ניט געקאנט פער־טראגען די הויכע און פוסטע פראזעס וואס האבען אנגעפיקט די פערזאמלונגען. ממשות׳דיגע ארבייט האט ער געזוכט — און האט זי געפונען. אהן רייד האט ער ביי

זיך בעשלאסען צו ווערען אנ׳ארבייטער און איז געבליבען געטריי זיין בעשלוס ביז דער לעצטער רגע; א טייל פון זיינע חברים האבען ניט געקאנט ביישטעהן דעם נסיון און האבען זיך אומגעקעהרט אין גימנאזיע — טורנער איז אבער געבליבען אויס־געהאלטען.

פון גימנאזיע איז טורנער אוועק אין בן שמן. אין דער פארם פון נאציאנאל פאנד און געווארען א פאסטוך פון שאף — פון די ערשטע אידישע פאסטוכער אין ארץ ישראל. גליקליך האט ער זיך דאן געפיהלט, און די בריעף וואס ער האט געשיקט צו זיינע חברים האבען געאטעמט מיט פרייד און בעגייסטערונג. ענדליך האט ער דערגרייכט זיין ציעל.

דערווייל קומען די עלטערען צוריק אין ארץ ישראל און זעהען זייער „אומגליק" — וואס פון יצחק׳ן איז געווארען. דער פאטער בעט זיך ביי איהם ער זאל ניט טון אזעלכע „נארישקייטען", ער שלאגט איהם פאר געלד ער זאל זיך קויפען א נחלה און ווערען חאטש א קאלאניסט — יצחק וויל ניט הערען. ער פאהרט אוועק אין גליל צו ווערען א וועכטער. אנקומען אלס מיטגליעד אין „השומר" — דאס איז ביי איהם דער העכסטער וואונש. ס׳פאדערט זיך אבער צו זיין א לאנגע צייט ביי דער וואך ביז מ׳קאן אנגענומען ווערען אלס פולבערעכטיגטער מיטגליעד. טורנער איז אבער אזוי איבערגעגע־בען צו דער וואך, אז ער ווערט צוגענומען נאך פאר דעם געזעצליכען טערמין.

אויף א קורצער ווייל קומט טורנער אין יפו זעהן די חברים, די עלטערען.

די עלטערען בעטען זיך ווידער ער זאל ווערען א קאלאניסט — אבער טורנער איז ענטשלאסען צוריק צוגעהן צו דער שמירה. אין דער וואך האט ער געפונען דעם זין פון זיין עקזיסטענץ, דעם קדשי קדשים פון זיין איך. אויף די זאמדען פון ברעג ים אין די פער׳חלומ׳טע נעכט האט ער זיך צוזאמענגענומען מיט זיינע פריהערדיגע חברים און דערצעהלט וועגען דעם לעבען פון די וועכטער אין גליל, וועגען דעם צויבער פון די גליל׳ער נעכט — און די חברים שלינגען מיט קנאה זיינע ווערטער און פיהלען זיך עפעס אזוי אונהיימיש, פערלוירען אנטקעגען דעם מאן וואס האט אזוי פיעל מוטה צו טון די ז א ך.

ניט לאנג איז טורנער פערבליבען אין יפו. דאס שטאדטישע לעבען איז אזוי בעל־הבית׳יש, אזוי פוסט. די עלטערען זיינען זיך שוין מיאש פון איהם און ער געהט צוריק צו דער וואך. ער שטעלט זיך וועכטעווען אין חדרה און ווערט קראנק: די וואך ווערט געפעהרליך פאר זיין געזונד. די חברים בעטען איהם ער זאל אברוהען — מ׳האט איהם אבער מורא אויסצוזאגען דעם שרעקליכען סוד. און יצחק הערט ניט און געהט צו דער וואך קראנקערהייד. די לאנגע ווערט ערגער — און מ׳מוז איהם מאכען אנ׳אפעראציע.

טורנער מוטשעט זיך נאך אביסעל — ער קומט ווידער אין יפו, — און אין די שטאדט פון וועלכער ער איז אנטלאפען געפינט ער זיין אייביגע רוהע...

# יזכור

## יצחק טורנער

(עראינערונגען)

מיט צוועלף יאהר צוריק האבען מיר זיך צום ערשטען מאל געטראפען.ביידע זיינען מיר געקומען דעם ערשטען טאג לערנען אין דער האנדעלס־שולע פון „קאמי־פערייןײ אין לאדז, וואס אין רוסיש־פוילען, ביידע אין איין קלאס, אויף איין באנק.

גיך האבען מיר זיך דערנעהנטערט איינער צום צווייטען און ניט לאנג האט געדויערט — מיר זיינען גוטע פריינד געווארען.

ס'איז אדורך א קורצע צייט און מיר האבען זיך איינגעלעבט אין דער שולע, זיך היימיש געפיהלט. א קליינע גרופּע שילער האבען מיר זיך צונויפגערעדט און בעשלאסען צו גרינדען א שילער־ארגאניזאציע מיט'ן צוועק צו ווירקען אויף די חברים־שילער אינ'ם רעוואלוציאנערען גייסט און דערנעהנטערען דעם תלמיד צו די מאסען פון פאלק און צו דער רעוואלוציע. איינעד פון די גרינדער פון דעם פעראיין איז געוועזן טורנער. ער איז דאן געוועזן ווייט פון א רעוואלוציאנער. ערצויגען ביי א פערמעגליכען לאדזער סוחר און זייענדיג יונג נאך, האט ער נאך נישט געוואוסט פון דער נאט און פון די נויטען פון פאלק. אבער שוין דאן האט איהם געצויגען אהין, צו דער וועלט פון די מאסען. דער פעראיין איז געגרינדעט געווארען און א גרויסען אנטייל האט אין איהם טורנער גענומען. זיין פריינדשאפט האט אונז א סך געגעבען; ער האט געוויזען דעם אמת'ען ביישפּיעל פון געטרייער פערבינדונג צווישען חברים און אפּטמאל געדיענט אלס מוסטער. דערפאר האבען מיר איהם מיט עפּעס אנדערש בעצאהלט. פון אונזער געדאנקען ־ היים, פון דער שילער ארגאניזאציע פון „פּועלי ציון" האבען מיר אין אונזער פעראיין דעם גייסט פון רעוואלוציע געבראכט און איהם צווישען די חברים־שילער פערטיילט. דאס איז דאך יענער פייערדינער רעוואלוציאנערער ענטוזיאזם, וועלכער האט טורנער'ן אזוי פון איין ארט צום צווייטען געטריעבען און איהם קיין רוה ניט געגעבען, ביז ער האט איהם געבראכט צו די גרינע פעלדער פון גליל און צו דער אידישער וואך.

* * *

ווען דו קומסט קיין ארץ ישראל און די שיף לאזט דיך אראב ביי די ברעגעס פון יפו, געהסטו פריהער פון אלץ צום נייעם אידישען קווארטאל — אין תל אביב. ווען דו קומסט אין תל־אביב און בעוואונדערסט דאס ש ע ה נ ע אידישע געטא, דערזעהסטו פריהער פון אלץ — די אידישע גימנאזיע. תל־אביב איז די קרוין פון דער שטאדט, און די קרוין פון תל אביב איז די אידישע גימנאזיע. קנאפּע טויזענד אידישע קינדער פון פערשיעדענע וועלט־טיילען געהן אריין טאג און טאג אין דעם יפו'ער גימנאזיע און געהענדיג צוריק פון דער שולע, געהן זיי נישט מיט געבויגענע רוקענס און ניט מיט פערכמורעטע פּנים'ער — ווייל ניט אין א „שקאלע", א „סקוהל" פערברעננט ער זיין יוגענד, דער אידישער תלמיד אין ארץ ישראל, נאר אין דער אידישער שולע, וואו ער ערווערבט פון ז י י נ ע לעהרער — ניט פרעמדע — ז י י ן

איינענעם וויסען און אויך טרייהייט צו זיינע אידעאלען. ווייל ניט נאר אפעלירט מען צום מח — אויך דאס הארץ ווערט עונעהרט דארטען אינ'ם פאלאץ פון אידישער בילדונג. אט אין דער גימנאזיע איז אויך טורנער אריין נאך זיין קומען קיין ארץ ישראל. ער איז געווען דער גוטער שילער. ער האט זיך צו דער שולע גיך צוגעוואהנט און נאך גיכער האבען זיך די שילער צו איהם צוגעוואהנט. טורנער איז געווען א העל־רייש איינגעל מיט א פאר פולע רויטע באקען מיט שעהנע בלאנדע האר און איז מעהר עהנליך געווען צו א שעהן יונג מיידעל — בלוט און מילך.

— גוט איז צו לערנען אין יפו'ער גימנאזיע. וואויל דעם תלמיד, וואס דער גורל האט איהם די מעגליכקייט געשענקט דאס צו דערגרייכען — אזוי פלעגט טורנער אפט זאגען — נאר נאך... עפעס ניט דאס...

די טעג זיינען לאנגזאם געקראכען. ס'קומט די צייט פון וואקאנסען, ווען דער תלמיד איז פריי פון דער שולע און די גימנאזיע מאכט א „טיול" — א שפאציער איבער'ן גליל. הונדערטער קינדער פון העכערע קלאסען געהן דורך צופוס דעם אידישען גליל. די ארבייטער און קאלאניסטען נעהמען אויף מיט ליעבע די שטאדטישע יוגענד און מ'מאכט פערוויילונגען, חגיגה'לעך לכבוד די געסט. דער תלמיד געהט דורך די פעלדער פון גליל, זעהט וויפיעל שוויס, וויפיעל בלוט איז אין זיי, דאך — עס בליהען די בליהמלעך שוין, עס שפראצען שוין די זאנגען... און א בענקשאפט־גע־פיהל נעהמט ארום דעם אידישען תלמיד — ווי גוט איז דא! דא, צווישען די פרישינ־קע בלימעלעך פון עמק יזרעאל, דא, אינ'ם טאהל פון שטילען כנרת — ווי גוט איז דא לאנגזאם צו געהן נאך די פרדות, אקערען און זייען דאס גליק און די צוקונפט פון פאלק...

בייננאכט געהן ארוים די שפאצירער אין דער קאלאניע און דערזעהן פון ווייטען דעם שאטען פונ'ם אידישען וועכטער. ער שטעהט אויף דער וואך. ער היט די קאלאניע. ניין! ער היט עס די עהרע פון פאלק, פרעמדע האבען אונז פריהער גע־היט. מיר זיינען ניט פעהיג געווען אליין זיך אפילו צו היטען. דער אידישער תלמיד דערזעהט זיינעם א ברודער ביים וואך און איז איהם מקנא — גליקליך איז דער, ווער עס קען דאס דערגרייכען...

דער תלמיד פערפיהרט מיט איהם א שמועס.

— שווער איז די וואך, — זאגט דער וועכטער. — נעכט פינסטערע, נאסע, און גנבים א סך, רויבער, — קענען ניט זעהן ווי מיר הויבען זיך אויף, הויבען אן ווי מענשען צו לעבען, און ביי נאכט, דוקא אין די שטאק פינסטערע נעכט, אין די נאס־טע, פאלען זיי אן, האפענדיג, אז אין א ז א צייט וועלען מיר ניט היטען. מיר ווע־לען זיי אבגעוואוינען. מיר האבען א מיטעל צו זיי. — ער נעהמט אראב פון פלייצע דעם ביקס...

— ווייניג זיינען מיר, — זאגט ווייטער דער וועכטער, — געצעהלטע, אבער מיר ווארטען. ס'וועלען קומען נאך א סך ברידער צו אונז, יונגע, אזעלכע ווי איהר, זיי וועלען קומען, און דאן — אינאיינעם... אינאיינעם...

אזוי נעהט דורך די מחנה תלמידים איבער די אידישע פעלדער, זאפט איין אין זיך דעם פריישען געזונטען ריח פון דער אידיישער ארבייט און אין זכרון וועבען זיך נייע טיעף־בלאהע האריזאנטען און ציהען אהינצו, און ציהען...

די „גימנאזיע" קומט צוריק פון שפאציר און ווידער צום לערנען, צום בוך. נאר דאס הארץ איז אונרוהיג, ס'דערמאהנט זיך דאס פעלד...

זעקס תלמידים פון דער יפו'ער גימנאזיע האבען פ ע ר ל א ז ע ן די שולע און אוועק ארבייטען אין קאלאניע. איינער פון די זעקס איז געווען יצחק טורנער. גע־וועזען איז ער אין לאנד, געזעהען די ארבייט און וואך, און די ווענט פון דער שולע זיינען איהם ענג געווארען. האט ער געמוזט ארויס — מעהר פערבלייבען א שילער האט ער ניט געוואלט, ניט געקענט.

— איך וויל אויפהערען צו לערנען דאס בוך, איך וויל לערנען די ארבייט, וואך!

— דאס איז געווען זיין זיי־געזונד דער יפו'ער גימנאזיע, וועלכע ער האט אזוי ליעב געהאט.

טורנער איז ארויס פון דער שולע — צום לעבען. נאר וואוהין? וואוהין זאל ער געהן? ארבייטען? ניין! געהן וועט ער אהין וואו ס'איז ג ע פ ע ה ר ל י כ ע ר, ש ו ו ע ר ע ר, ווייל דארט געהן ווייניגע, דארט אבער דארף מען א סך. און לאנג האט ער ניט איבערגעטראכט. ער איז געווארען א וועכטער, ווייל געוואוסט האט טורנער, אז די משפחה פון וועכטער — איז די קלענסטע, וואס נויטיגט זיך מעהרער ווי אנדערע אין מענשען געטרייע און איבערגעגעבענע צו דער ארבייט פון וואך.

טורנער איז געווארען א וועכטער. לכתחילה האט מען פון אלע זייטען געקוקט אויף איהם. איינינע האבען איהם אויסגעלאכט, אזא יונגער, געוואוינט צום בוך. אבער ס'איז דורך א קורצע צייט, און טורנער איז געווארען איינער פון די גוטע טרייע וועכטער אין גליל.

אין דער נאציאנאל־ביבליאטעק אין ירושלים האט א בעוואוסטער אידיש־העברע־אישער שרייבער איינמאל, שבת, געלייענט איינע פון זיינע ערצעהלונגען, און פלוצים זיינען אריין א פאר יונגע לייט מיט עגל'ן און כפיה'ס אויף די קעפ, ממש פעלאכען. דער עולם האט זיך אומגעקעהרט און זיי אנגעקוקט פערוואונדערט. איך האב באלד דערקענט טורנער'ן. דער עגל מיט דער כפיה האבען איהם א סך מעהר געפאסט איידער א הערב פון גימנאזיע.

— שלום, טורנער! ווי געהט עס דיר? — נאר טורנער האט קיין סך ניט גע־רעדט. געקומען פון דארף א ווײלע אין שטאדט פערברענגען. אויפ'ן וועג דערהערט אז פ. איז היינט דא און לייענט עפעס פאר, איז ער מיט די חברים פערגאנגען אהערצו, „כאפען א ווארט".

— ביי אונז, פערשטעהסטו מיך, הערט מען ניט אזוינע זאכען. ביי אונז איז — פערד און שקאפעס און א מאוזער־ביקס...

אין א האלב יאהר ארום בין איך מיט נאך א פאר ארבייטער און א קאלאניסט פון איין קאלאניע איז דער צווייטער געגאנגען. אויפ'ן וועג פון כנרת און יבנאל האבען מיר בעגעגענט טורנער'ן.

— שלום. טורנער! וואוהין געהסטו? — האט איינער פון אונזערע חברים געפרעגט.

— איך געה אין יבנאל. מאיר'קע איז נאך אלץ ניט געזונד. ווייסט דאך, ער ליידט פון דעם פוס נאך פון יענעם אנפאל אז, געה איך דאס אהין. איך האב אט ערשט געקראגען א צעטעלע פונ'ם בא־כח, איך זאל קומען אהין וועכטען אויף זיין ארט.

מעהר האב איך זיך אין איהם איינגעקוקט איצט. ער האט א סך געזונטער אויס־געזעהן איידער פריהער. די פרייע לופט פון די פעלדער האט איהם געשטארקט און געקרעפטיגט.

* * *

ביי א יאהר צייט איז אריבער און איך האב איהם ווידער געזעהן. דאס מאל ניט צווישען בערג, ניט אין גליל, נאר אין שטאדט.

שווער איז דאס לעבען פון דעם אידישען וועכטער אין ארץ ישראל: שווערער נאך פאר דעם, ווער ס'איז אויפגעוואקסען און ערצויגען געווארען אין א גאנץ אנדערער וועלט און ניט אין דער וועלט פון ארבייט. שעהן און רוהיג זיינען די זומער־נעכט אין ארץ ישראל. דערפאר זיינען שטורמיש און צארענדיג די נעכט דארט אין ווינטער. און ווילסטו וויסען וואס איז אזוינס א אידישער וועכטער — געה ארויס אין קאלאניע אין א רעגענדיגער ווינטער־נאכט שפעט, נאך חצות. אין א טיעפען שלאף איז איינגעהילט די קאלאניע. נאר איינער וואכט — דער שומר! די ווינ־טער־נאכט ברענגט איהם פיבער, פערקיהלונג, צוברעכט זיין ארגאניזם. נאר וואס זאל מען טון? מ'שטעהט אויף דער וואך, מ'מוז דורכליידען. גרינגערע נעכט וועלען קומען.

מ'מוז. דאס איז ניט קיין מוז פון אויסען, נאר אן אייגענער, אן אינעווייניגסטער. און אין טורנער'ן האט דער „מוז" שוין טיעפע־טיעפע ווארצלען געשלאגען. ניט איינ־מאל האט ער זיך געפיהלט פיבערדיג, קראנק, אבער ניט אלע מאל קען מען זיך אזוי נאכגעבען און בלייבען די נאכט אין דער היים.

— און ווער וועט היינט געהן אויף דער וואך אויף מיין ארט?

ניין. מ'דארף זיך „אויפהויבען" איבער דאס אלץ. מ'דארף זיך מאכען פער־געסען די אלע „קליינינקייטען". מ'דארף נעהמען דעם ביקס אנלאדען איהם און געהן — הינטער'ן וואנט.

טורנער האט טאקע אויסגעפיהרט זיינס — ער פלעגט צוקרענקען אפט און זיך ניט וויסענדיג מאכען דערפון. נאר ער איז שוין צו וורייט פערגאנגען, פון איין פער־קיהלונג צו דער צווייטער, און דערביי האט ער נאך שטארק זיין מאגען פערדארבען — און ער האט געמוזט ווענדען זיך צו א דאקטאר. ערשט איצט האט ער זיך דער־וואוסט, אז זיין קראנקהייט איז ערנסט און ער דארף אן אפעראציע. ער איז געקומען אין יפו, וואו עס וואוינען זיינע עלטערען.

געקומען צו מיר, שוין ניט דער אמאליגער טורנער. די פולע באקען זיינען איינ־געפאלען. דער קערפער אין גאנצען דאר און מאגער געווארען.

— אזוי, טורנער, ביזטו גאר קראנק ?

— קראנק ! עט, גאר נישט ! איך דארף נאר אן אפעראציע, און יאללא צוריק צו דער וואך. נאר איך דארף נאך ווארטען ביי א וואך צייט, ביז ס'וועט פריי ווערען א פלאץ אין שפיטאל.

טורנער איז בלייך מיט אונטערגעהאקטע אויגען. ער ליידט. צו זיינע פיזישע ליידען קומט נאך צו איינער, אפשר א גרעסערעד שמערץ, — ווער ווייס, צי ס'פעהלט דארט ניט א וועכטער ביי אונז ?...

מיין ברודער, א יונגער קאלאניסט אין כנרת, איז אויך געווען דערביי, האט איהם טורנער ערנסט און טריי אויסגעפרעגט געניי און אויספיהרליך, אויף אלץ און אויף אלעמען, בעזונדערס אבער אויף די פערד און פרדות, אנרופענדיג דערביי יעדע איינציגע מיט'ן נאמען, ווי ס'פיהרט זיך, וואס מאכט „חמדה", וואס מאכט „אביר"...

ער איז געזעסען ביי אונז א פאר שעה און איז אוועק. און עס איז מיר גאר ניט אין זינען אריין, אז דאס האב איך צום לעצטען מאל דעם ליעבען טורנער'ן געזעהן...

* * *

ווייט פון דער היים און פון פריינד, ערגעץ אין א פערוואָרפענעם ווינקעל אין דער גרויסער אלכסנדריה פון מצרים, האבען מיר ווי נאכט־שאטענס, א טייל פון דער ארץ ישראל'דיגער יוגענד, ארומגעבלאנזשעט און זיך קיין ארט ניט געפונען.

— וואס הערט זיך ביי אונז אין דער היים ? וואס הערט זיך מיט אונזערע דארט, אין ארץ ישראל ?

דורשטיג האבען מיר איינגעזאפט אין זיך יעדען שאַרך וואס פלעגט קומען צו אונז אהער, אין דער פרעמד, פון דער היים.

דאס איז געווען אין יענער צייט, ווען אונזער אלכסנדריה האט געראַשט און געקאכט ווי א קעסעל. אינ'ם לעבען פון די אנטרונענע איז אויפגעשוואומען א ניי, פערוויקעלט פראבלעם — די טעג פון די געבורטס־וועהען פון דעם אידישען לעגיאן נעהן קיין ארץ ישראל. און אויב ניט אהין — טא צוליעב וואס ? און איז ער בכלל נויטיג ? איז ער ניט שעדליך ? —

אין איינעם פון יענע פעראומערטע טעג פון מיין לעבען, ווען איך בין ארויס צווישען די אנטרונענע, פרעגען וואס הערט זיך, האט מיך א חבר בעגעגענט מיט דער ידיעה :

— טורנער איז טויט.

גליקליכער טורנער ! מיר זוכען דא א וועג, ווי צו לעגען דאס לעבען פאר ארץ ישראל. ער האט איהם געפונען — אין ארץ ישראל.

אבטליון



חבר בערל קליי.

געבוירען אין א קאלאניע ארום מעליטאפאל (זיד רוסלאנד). געפאלען ביי דער פערטיידיגונג פון מלחמיה כ"ו אדר, תרע"ה.




(ביאגראפישע נאטיצען)

ס'האט זיך בשום אופן ניט געלעגט אויפ'ן שכל, די גאנצע צייט זינט ס'איז אנגעקומען די ידיעה פון ארץ ישראל, דאס דער חבר ב. קליי איז ניט מעהר צווישען די לעבעדיגע.

דער גרויסער, שטארקער, געזונטער קליי, מיט די ברייטער פלייצעס, מיט דער געזונטער ברוסט, מיט די שטארקע הענד — דער אונערשראקענער קליי, מיט דעם פעסטען כאראקטער, ווארימע הארץ, *און מאראליש קלאהרער פערזענליכקייט* זאל אזוי גיך פאלען א קרבן פון א מערדערישער האנד. ער האט דאך אזוי פיעל געשטרעבט און געקעמפפט בכדי צו קענען לעבען אין ארץ ישראל, לסוף איז ער גאר פריה־צייטיג געשטארבען אין ארץ ישראל. — אט שטעהט ער פאר מיר א לעבעדיגער מיט דעם קלארען שווארצען קאפ, מיט די קלוגע ברוינע אויגען און אויסדרוקספאלען מויל, מיט דער רוהיגער בעשטימונגספולער בענעהמונג און רעדט צו מיר, מיט דער ערנסטער באסאווער שטימע, פון זיין אידעאל, וועלכער בעלייכט זיין וועג...

„איך האב נאר איין ציעל אין לעבען“, שרייבט ער מיר פון דער פארם אין איללינאיז, וואוהין ער איז אנגעקומען נאכדעם ווי ער האט פערלאזען די אגריקולטור שולע אין וואודביין, „וועלכען איך *וויל און וועל* פערווירקליכען, דאס איז, בעזעצען זיך אלס *ערד־ארבייטער אין ארץ ישראל* —“ א זעהר בעשיידענער ציעל, אבער א שעהנער און ערהאבענער!

און ער האט איהם פערווירקליכט, ליידער אויף א קורצער צייט...

ס'איז מיר ביז איצט ניט געלונגען צונויפצוזאמלען אלע פאקטען און איינצעלהייטען פון זיין עטוואס געהיימניספולען לעבען אום צו קענען געבען א פאלשטענדיג בילד פון דער אינטערעסאנטער פערזענליכקייט פון דעם חבר קליי. נאר אויף וויפיעל אונז איז בעוואוסט, איז חבר בעריל קליי (קילטשינסקי) געבוירען אן ערך דרייסיג יאהר צוריק אין א קאלאניע ארום מעליטאפאל און געקראגען א צימליך גוטע ערציהונג. ער איז געווען גוט בעהאווענט אין אידיש, העברעאיש, רוסיש, דייטש און ווי א אמת נאטור קינד, ליעב געהאט פעלד און וואלד. אין זיין פריהער יוגענד, זייענדיג אין



יעקאטערינאסלאוו, בעקענט ער זיך מיט דעם פועלי ציוניזם, און די פערווירקליכונג פון דיעזען אידעאל ווערט זיין הויפט ציעל אין לעבען.

אין א צייט ארום פאהרט ער אפּ קיין פאריז וואו ער פערברענגט א פּאר יאהר, ערלערנט די פראנצויזישע שפּראך און וואנדערט אויס, אלס ארבייטער אויף א פראכט שיף, קיין קאנאדע. אין קאנאדע ארבייט ער א קורצע צייט מיט דער האק אין וואלד פון וואנען ער לאזט זיך האלב צופוס, האלב מיט דער באהן, נאך די פער־איינינגטע שטאטען.

אין 1906 קומט ער אן אין באסטאן און טרעט אריין אין פועלי ציון פעראיין, ער שטעלט זיך ארבייטען אין א פּיאנא פעקטארי אין קעמברידזש, מאסס. און ווערט אויך טהעטיג אין קעמברידזשער פעראיין; ער ווערט ערוועהלט אלס דעלעגאט פון קעמברידזש צו דער פילאדעלפיער קאנווענשאן און נאכדעם צו אלע ראיאנער און סטייט קאנפערענצען. ווען דער „אינדעפּענדענט ארבייטער רינג" ווערט ארגאניזירט אין מאססאטשוזעטס, טרעט ער אריין אלס מיטגליעד און פיהרט אן א שטענדיגען קאמפּף פאר אידיש־נאציאנאלע אידעען, מיט וועלכע דער „אינדעפּענדענט" צייכענט זיך אויס ער היום, איבער דעם ניו יארקער ארבייטער רינג.

מיר פלעגען אפט אומשפּאצירען ביז שפּעט אין דער נאכט איבער'ן בריק וואס פעראייניגט באסטאן מיט קעמברידזש, און טרוימען און שמועס'ען פון אידעאל און פּארטיי. איינמאל, געדענק איך, האבען מיר זיך פערררעדט און אריינגעשפּאצירט אין קעמברידזש ביז צום הויז וואו ער האט געוואוינט. צוקומענדיג צום הויז האט ער אונז פארגעשלאגען מיר זאלען ארויפגעהן נאך זיצען מיט איהם א ביסעל. אריינקומענדיג אין צימער זיינען מיר ערשטוינט געבליעבען, דערוויסענדיג זיך, דאס ער שלאפט אויף די ביינקלאך אין פערזאמלונגס־האל פון ארבייטער רינג. מיר האבען געוואוסט, דאס ניט פאר נויט טהוט ער דאס, ווייל ער האט דאן געארבייט און פער־דיענט, און אויף אונזער שטומע פראגע, וואס דאס בעדייט, האט ער אין קורצען געענטפערט:

— מ'דארף זיך צוגעוואוינען צו לעבען ווי א פּיאניר...

אין יענע צייט, ד. ה., אז ערך צעהן יאהר צוריק האט אין דער אידישער גאס אין אמעריקא געשוויבעלט מיט פּארטייען און ארגאניזאציעס. זומער־צייט פלעגען כמעט יעדען זונטאג אפּגעהאלטען ווערען די מיטינגען פון אלע ארגאניזאציעס און ראדיקאלע פעראיינען פון באסטאן, אין פרענקלין פּארק, אויף דער פרייער לופט, דאמאלס איז אויך פארגעקומען די „אינוואזיאן" פון באסטאנער אידען אויף די באסטא־נער פארשטעדט „ראקסבורי" און „דארטשעסטער", וואס געפינען זיך אין געגענד פון פרענקלין פּארק. די קריסטליכע בעפעלקערונג האט מיט גרויסען ווידערווילען געמוזט פערלאזען די הייזער און מאכען פּלאץ פאר דער אידישער בעפעלקערונג. איניגע האבען געפּרובירט ווייזען א ווידערשטאנד איבערצושרעקען די אידען:

אין א שעהנעם זונטאג פארנאכט, עס האט נאר וואס אנגעהויבען צו ווערען פינס־

טער, די ארגאניזאצעס פון פרענקלין פארק האבען געענדיגט די מיטינגען, און זיך געזעסען אויפ'ן גראז אין גרופען; אויף אונזערע פועלי ציון האבען זיך צונויפגעקליי־בען אין א קרייז און אין דער דעמערונג זיך געזעסען און גע'שמועס'ט און געזונגען לידער: ווען פלוצלונג, מיר טוען א קוק, א מחנה קריסטליכע יונגע לייט האבען זיך א לאז געטון איבער'ן פארק, און אטאקירען איין גרופע נאך דער אנדערע, געשלאגען, געריסען ציהרונג, זיינגערס און העמדס; און אין פארק איז געווארען א טומעל, די גע־שרייען פון די פרויען האבען אפגעקלונגען איבער'ן גאנצען פארק, אין דער פינסטער האט מען ניט געקענט אונטערשיידען ווער פון וועמען, מיט איין ווארט, עס איז געווען א שרעקליכער פאניק. מיר האבען זיך געלאזט לויפען צום ארויסגאנג און גע־זוכט, ווי ווייט מעגליך, צו בעשיצען די חברות. א פאר פון אונזערע זיינען געלאפען טעלעפאנירען אין פאלים סטיישאן, און ווען מיר האבען זיך ביים טויער צוריק צו נויפגענומען האבען מיר בעמערקט דאס קליי פעהלט. מיר האבען ניט געקענט פער־שטעהען וואו ער האט געקענט אהין קומען. נאר א ביסעל שפעטער, ווען פאליציי איז אנגעקומען און מיר האבען זיך מיט זיי געלאזט ארויף אין פארק, האבען מיר אנ־געטראפען קליי'ען, זיך נאכיאגענדיג נאך שקצים און געבען קלעפ. — גאט! ווי דער בחור האט דאן אויסגעזעהן! א רצח! די אויגען האבען געשפריצט מיט פייער, און געאטעמט האט ער ווי א צופלאשענער פערד. מיר האבען איהם קוים מיט צרות איינגעשטילט און בערוהיגט.

אין 1908 קומט ער אן אין דער וואודביין אגריקולטור שולע, וואו ער דערפיהלט זיך ווי א פיש אין וואסער. — זיינע בריעף פון וואודביין זיינען פול מיט בעגייסטערונג פון דעם גרינעם פעלד, פון דעם בליהענדעם בלום און זינגענדען פויגעל. נאך זייענדיג אין באסטאן האט ער יעדע שטונדע וואס ער האט נאר געקענט אפשפארען פערבראכט אין ביבליאטעק איבער זשורנאלען פון אגריקולטור און באטאניקע; אבער ער איז געווען מעהר א פראקטישער אידעאליסט, דארום האט איהם די פראקטישע פארם ארבייט אזוי אויפגעמונטערט. געגאנגען איז ער אין וואודביין מיט דעם צוועק זיך צו ספעציאליזירען אלס פארמער פאר ארץ ישראל. ער האט זיך אין דער שולע גע־פיהלט הייכייש אין אלע צווייגען פון דער ארבייט, און האט קיינמאל ניט פראטעסטירט נעגען די שווערע ארבייט. ער האט זיך באלד אננעשלאסען אין דעם „האכר הצעיר", — אן ארגאניזאציאן פון סטודענטען פון דער שולע וואס גרייטען זיך זיין פארמער איז ארץ ישראל, און געווארען דער טהעטיגסטער מיטגליער.

ווען דער סכסוך מיט דער אדמיניסטראציאן פון דער סקוהל האט אויסגעבראכען, ווען די סטודענטען האבען רעבעלירט נעגען דער בעהאנדלונג פון דער אדמיניסטרא־ציאן, וואס האט זיי בעטראכט אלס אונציוויליזירטע רוסישע אימיגראנטען, וועלכע מ'דארף ציוויליזירען לויט די יאהודישע מעטאדען, איז קליי געווען דער איינציגער, וואס פלעגט ארויסטרעטען אלס דער פארשטעהער פון די סטודענטען און פארלעגען זייערע טענות פאר דער אדמיניסטראציע. אויף די מיטינגען פון די סטודענטען און אויף די ימים טובים אונטערנעהמונגען איז ער כמעט אלע מאל געווען דער פעסט־רערנער און איז געווען דער ליעבלינג פון דער גאנצער שולע.

אין 1912 זייענדיג אין ווערנאליס, קאליפארניע אויף א פארם, שרייבט ער מיר: „איך האב זיך מתקנא געווען אויף דעם מענשעלע מיט דער קאסע, וועלכער שטעהט אויסגעמאהלט אויף די פועלי ציון סטעמפס — און ניט איך אליין, נאר טאקע נאך א 15 יונגע לייט. נ ו, פאהרען מיר: מיר האבען ניט קיין שלעכטע אויסזיכטען זיך צו עטאבלירען זעלבסטשטענדיג: און וואס דארף א קבצן? לאנד האבען מיר, געזונד אויך, און א הייזקע און א פלונית'טע וועט גאט מסתמא צו שיקען, דאס אלעס בארץ אבותי! וואס ווילסטו נאך?"

אין א צווייטען בריעף, ווען מיר האבען אנגעפיהרט א שריפטליכע דיסקוסיאן וועגען פארטיי־אויפגאבען, שרייבט ער מיר: „דו זאגסט, אז איך בין ניט גערעכט מיט מיין פארוואורף צו די חברים אין אינדיפערענטיזם, וואלט נאר געווען א געוויסע קאנקרעטע פאלעסטינא־ארבייט, זיינען מיר מיט ל י י ב און ל ע ב ע ן פאר פראקטישע ארבייט.

„איך וואלט זעהר וועלען וויסען, וואס דו מיינסט די ק א נ ק ר ע ט ע א ר ב י י ט? דו מיינסט דעם נ. פ. פלשתינא־ארבייטער פאנד, לענד דעוועלאפמענט קאמפאניע, קאלאניאל באנק, א. ז. וו. וואס פאר א קאנקרעטע ארבייט ווילט א י ה ר, נלות ציוניסטען אדער פועלי ציון? (די סאציאל־עקאנאמישע אנשויאונגען פון דיביידע שפיעלען אין דיזען פאל קיין ראלע ניט). טראכט זיך נאר גוט אריין און קוק זיך גוט ארום, פיליכט איז אין דעם ניט די שולד פון דאס פעהלען פון קאנקרעטע ארבייט, נאר די פוילקייט און האלב הערציגע בעציהונג פון די אידעע־טרעגער פון ציוניזם? און אנדערש קען עס אויך ניט זיין, ווארעם קוים דארף מען שוין פ א ר עפעס אדער אימיצען טון איז עס דאך שוין אן א ו נ ד י ר ע ק ט ע שייכות, אדער בעסער געזאגט, א ברירה — וויל איך טו איך, וויל איך ניט, קען מיר אויך קיינער גאר ניט טון.

„ניין, חבר בירשטיין! ערלויב מיר דיר צו זאגען עטליכע ווערטער, זאלסט אבער ניט ברוגז זיין, דאס אויב א י ה ר מיינט ערנסט מיט אייער ציוניזם, דאן מוזט איהר אנהויבען די פערווירקליכונג פון ציוניזם פון זיך אליין, דורך זיך און פאר זיך. און אויב די יעניגע, וועלכע פרעטענדירען צו זיין די אייפעריגסטע אנהעננער פון דעם ציוניזם, ד י צ י ו נ י ס ט ע ן, וועלען עס ניט טון, וועט דער ציוניזם ב ש ו ם א ו פ ן נ י ט פ ע ר ו ו י ר ק ל י כ ט ו ו ע ר ע ן.

„איך וואלט געקאנט אנווארפען א גאנצע קופע מיט שטארקע ווערטער, נאר וואס איז די פעולה. צווישען זיך רעדענדיג, מוזען מיר מודה זיין, דאס די ציוניסטען מכל המינים זיינען נעבאך זעהר ניט קאנסעקווענט אין זייערע טעארעטישע אנשויאונגען, ווער שמועסט שוין, אין בעצוג צו פראקטישע ארבייט.

„ד י א ס י מ י ל א ט א ר ע ן ז י י נ ע ן ק א נ ס ע ק ו ו ע נ ט.

„למשל, דער ציוניסט זאגט, אז דעם אידען לעבט זיך שלעכט אין אלע הינזיכטען; פאלגליך דארף מען אויסוואנדערען אין ארץ ישראל. טוט ער עס? א נעכטיגער טאג!

„דער אסימילאטאר זאגט, אז דעם אידען לעבט זיך גוט וואו ער איז פאלגליך, איז ניטא וואס עמיגרירען, און ער בלייבט אויך אויף דעם פלאץ וואו ער איז. ער רעדט די שפראך פון לאנד, שמד'ט זיך און זיינע קינדער, און זוכט זיך מיט אלע מעגליכקייטען צו אסימילירען. ער איז קאנסעקווענט.

„נאר דער ציוניסט איז ניט אזא איינפאכער חברה־מאן. ער געפינט שוין אז אויסרייר, למשל, אין רוסלאנד זאגט ער — די רעפרעסיעס זיינען אזוי שטארק, אז מ'קען גאר ניט טון. (אין אומשטאנד, וועלכער האט געשאפען וואונדער אין פער־לויף פון דער גאנצער געשיכטע). פון אונטערדריקונג זוכט מען זיך פרייהייט, און ביי די ציוניסטען האט עס פונקט א פערקעהרטע ווירקונג. אין אמעריקא איז עס צו־גוט, איז דאך שוין אפגערעדט. וואו זיינען די פאקטארען, וועלכע טרייבען אידען צום ציוניזם? דענקט איהר באמת, דאס די פאר מיליאנען דאלאר וואס מיר האבען זיינען אימשטאנד עפעס צו טון? אפילו ווען מיר זאלען האבען הונדערט מיליאנען? אה, ניין! עס איז דער מענש און ער אליין, וועלכער איז דער בעשעפער פון די מיליאנען, און אויב ער איז ניטא, דאן ליעגט ער ווי א טויטער קא־פיטאל. מיינע חברים פון ארץ ישראל שרייבען מיר, דאס דער נאציאנאל פאנד האט פיעל לאנד נאר ער מוז עס צוריק פערקויפען צו פרעמדע, — עס איז ניטא ווער עס זאל בעארבייטען. און דא זיצט אן ארדע פון א טויזענד מאן און מע רעדט ווענען קאנקרעטע ארביים. אוי, קענט איהר רעדען!

„יעדעס מאל ווען איך הויב אן צו רעדען צו די גלות חברים וועגען בעזעצען זיך אין ארץ ישראל, קריעג איך מעהר קיין ענטפער ניט פון זיי. דאס רעדט פאר זיך אליין. אנדערע פערקלאפען דעם קאפ מיט רענעסאנס! וואס איז? ביאליק שרייבט שעהנע העברעאישע פאעזיע. יא, דאס איז זעהר אנגענעהם! אבער דאס פערווירקליכט נאך אליין ניט דעם ציוניזם. מילטאן, דער פוריטאנישער פאעט, האט אנגעשריעבען די פאעמע פונ'ם „פערלארענעם גן עדן" און איז געבליעבען אין ענג־לאנד, און די פוריטאנישע פויערים זיינען אוועק אין אמעריקא און האבען געשאפען א גן עדן, וועלכער איז פון נרויסען ווערט! און רב ישראל איז געקומען אהער און בויטישעט זיך ארום אין אנקעל סעמ'ס נאציאנאלען מאגען ווי אן אונפערדייליכער ביסען, ביז... ער וועט מוזען נעהמען אן אפפיהראכין. נו, נו — וואס ווייסט ניט, וואס עס וועט זיין?

„ניין, חבר. די קאנקרעטע ארבייט דארף מען ניט זוכען. איך און מיינע חברים האבען זי נעפונען. דערפאר בעציהען מיר זיך אזוי סארקאסטיש צו אייערע קאנקרעטע ארבייט..."

אין אן אנדער בריעף, שרייבענדיג וועגען דער לאגע פון די אידישע ארבייטער אין ארץ ישראל, שרייבט ער מיר. „דער ארט לעבען פון די ארבייטער אין ארץ ישראל איז מיר גאר ניט פרעמד דא אויפ'ן פלאץ. איך האב דא פאר א יאהרען זומער גע־

פיבערט אויף וואס די וועלט שטעהט, און די הייזער דא ווייס איך ניט צו זיי זיינען פיעל בעסער ווי די פאלעסטינער, דאך מאך איך ניט קיין רעש; ס'קען זיין אז איך זאל זיין אין פאלעסטינא וואלט שוין אין א ציוניסטישע צייטונג ערשיענען א ספעציע־לער עריטאריעל וועגען מיר..."

אין 1913 קומט ער אין ארץ ישראל און צוזאמען מיט א גרופע ארבייט ער אין דער קאלאניע „כנרת". אין א צייט ארום בעשליעסט ער צו ווערען א זעלבסט־שטענדיגער קאלאניסט. ס'ווערט איהם אנגעבאטען לאנד אין דער קאלאניע מטולה, אבער ער בעזעצט זיך בעסער אין מלחמיה, אין גליל התחתון, ניט אכטענדיג וואס מ'האט איהם געווארענט, דאס מלחמיה איז ניט קיין רוהיגער פלאץ.

דעם 26טען אדר תרע'ה בעת דעם אנפאל אויף מלחמיה, איז בעריל קליי גע־פאלען טויט פון א מערדערישער קויל. געפאלען א חבר, וועלכער איז געווען די פער־קערפערונג פון אונזער אידעאל. מיט זיין בלוט בעשפריצט און מיט זיין קערפער פעט געמאכט די הייליגע ערד.

מ. בורשטיין



## דער „אמעריקאנער“

(וועגן בערל קליי)

איך האב געוואוסט, אז ער דארף די טעג זיין אין ירושלים און געווארט אויף איהם מיט אונגעדולד. דער ערשטער „אונזעריגער“ פון אמעריקא. מ'האט מיר דארט אזוי פיעל וועגען איהם אנדערצעהלט, און כ'האב געוואלט איהם זעהן, וויסען, ווי פיהלט ער זיך נאך דעם, ווי ער האט פערבראכט א פאר חדשים אין לאנד. ווען ער איז אריינגעקומען אין „האחדות“ האב איך איהם אויף'ן שטעל דערקענט לויט'ן פעסטען קערפער־בוי, לויט דער ענטשלאסענקייט און ווייכקייט פון זיין בליק. ער איז געווען איינגעהאלטען אין'ם שמועס. וועגען דאס לאנד בכלל ניט גערעדט, פון גארנישט קיין התפעלות געכאפט און אויבערפלעכליך געמאכט דעם איינדרוק פון איינעם, וואס האט זיך אבגעגארט אין זיינע פאנטאסטיישע פארשטעלונגען. אויבערפלעכליך. ער האט זיך צו אלץ צוגעקוקט מיט'ן ערנסט פון דעם היימישען מענשען, ווועמען עס איז אלץ נוגע אין לעבען.

און כ'האב מיר געטראכט: אט איז געקומען א למר וו'ניק. פאראן ביי אונז אין ארץ־ישראל א גאנצע קאטעגאריע פון אזעלכע „נסתרים“. יאהרען דרעהען זיי זיך ארום צווישען אונז, קיינער בעמערקט זיי נישט, אין גארנישט מישען זיי זיך. זיי קוקען זיך בלויז צו כלומרשט פון דער זייט און זענען פערטיעפט אין זייער ארבייט. פלוצים ווערען זיי „נתגלה“ און ס'ווערט ליכטיגער אין קאפ און אין הארצען. אלע ציהען זיך צו זייער ליכט, און זיי בעלייכטען אונזער לעבען... ווער דורך ווארט, ווער דורך טהאט.

קליי וועט זיך נאך בעווייזען...

ס'זיינען דורך א פאר חדשים. איך בין אין כנרת. ס'איז דער הערצל־טאג, זיין יאהר־צייט. איבעראל וועט מען פאר זיין נשמה ליכט אנצינדען. אן אזכרה מאכען, און ווי אבלים טרויערען. דא אין גליל ווילט זיך ניט וויינען. נאר עהרען דעם אנדענק פון פאלקס־העלד. זאל היינט זיין א פייערטאג פון דער ארבייט, וואס איז געשאפען גע־ווארען אין'ם אלט־ניי־לאנד נאך'ן שטאלצען מוטיגען רוף צו זעלבסטבעפרייאונג. האט די געגענד אויפגעלעבט. קומען אן וועגענער געפאקטע מיט זינגענדע ארבייטער פון עמק יזרעאל, קומען צו רייטען בחורים און מיידלעך פון די ווייטעסטע קאלאניעס אין אויבערשטען גליל: לאזען זיך אראב פון די צפת'ער בערג גאנצע שירות אין דער נידער, פון חיפה, פון שומרון און אפילו פון יהודה. — עס זאמעלט זיך דאס פאלק קיין כנרת. ס'יאגען זיך די אידישע וועכטער אויף זייערע צוהיצטע אראבישע שקאפעס, די יונגסטע טעכטער פון דער אלטער טבריה זינגען פרייע אויפלעבונגס־ליעדער, טראגען זיך שיפלעך מיט א ווייס־פערפוצטען עולם איבער די רוהיגע וואסערען פון'ם ים כנרת, און שטימען שטארקע, מונטערע פערהילכען די לופט און קלינגען אב אין די ארומיגע פערשאטענע בערג. די „אמעריקאנער קבוצה“ פון „האכר הצעיר“

לעבט. דארט שטעלט מען אויף הילצערנע געצעלטען, דא איז איינגעארדענט די אויסשטעלונג, דארט כאפט מען עפּיס איבער, דא ראנגעלט מען זיך, און ס'איז א מחיה צו קוקען אויף די אמעריקאנער יונגען, וואס פאר א קראפט עס שפּארט פון זיי, וואס פאר א געשיקטקייט און בעוועגליכקייט אין יעדען ריהר זייערען.

קליי'ס פּנים שטראהלט. ער איז איבעראל און אומעטום. נאר נאך אלץ עטוואס פון דער זייט. ער קוקט זיך צו אלץ צו. ער רעדט ווייניג.

ס'איז אוועק נאך א שטיק צייט. איך בין אין גליל העליון, אין ראש פּנה. ס'קומט ווייזט אויס, אז א נייע צייט, און אויך אהער וועט גרייכען דער פרישער גייסט פון בויענדער ארבייט. מ'שמועסט וועגען ארבייטער־דערפלעך, וועגען איינארדנען דא די תימנ'ער, וועלכע וואנדערען אריין אין א היבשער צאהל. פערשיעדענע חברות פון קרעמענטשוג און יעקאטערינאסלאוו ווילען פערפלאנצען דעם בארג.

אוננעריכטערהייד טרעף איך זיך מיט קליי'ן. שבת גאנץ פריה. מיר קלעטערען אויף'ן בארג כנען. הויל, נאקעט איז דער בארג, כמעט אינגאנצען אויסגעזעצט מיט פעלזען הארטע גלאנצענדיגע. די זון איז שוין הויך, באקט שטארק און מיר שטייגען העכער און העכער. ס'וויקעלט זיך פאר אונז אויף א ליכטיגע וועלט און זי ברייטערט זיך אויס, לויפט אוועק וויט, וויט. דארטען זילבערט זיך די שנעע־ווייסע קאפּ פון אלטען חרמון. אונטען, אונז צופוסענס, פליסט דער ים כנרת און איהם שניידט דורך דער ברונז'דיגער ירדן שטראם, אז צעהלען מיר אז אידישע קאלאניעס, פעלדער. ביי קליי'ען האט זיך די צונג אויפגעבונדען. ער רעדט מיט א שטארקער ברוסט־שטימע, און זי קלינגט אב אין דער צארטער, דורכזיכטיגער לופט . דא קאן מען שאפען. ס'איז נאך אלץ אונבעריהרט. מיר פערמאגען די קראפט, דעם ווילען. ס'ציהט אונז אהער ניט בלויז דער מאטעריעלער אינטערעס. א נייע קולטור ווילען מיר שאפען. ס'מוזען אנדערע בעציהונגען זיין. צו דער נאטור, צו דער ארבייט, צו דער קולטור. ערשט דא דערפיהלט מען, בענעהמט מען דעם זין פון סאציאליזם. ס'איז דאס בויען און שאפען אויף אלע געביטען, אין אלע ווינקעלעך פון לעבען. דער אמעריקאנער איד דארף אהער קומען. מיט זיין אונטערנעהמונגס־גייסט, מיט זיין ריקזיכטסלאזיגקייט, ערפאהרונג און העכערע פערלאנגען.

די רוסישע אידען — זיי זענען דא נויטיג געווען און וועלען נויטיג זיין אויך שפּעטער. זיי ברענגען דעם אידעאל, די מסירות נפש. אבער דאס אליין איז ווייניג. מ'דארף האבען די פערספּעקטיוו פון בויען א יש מאין. דאס קאן אונז געבען בלויז דער אמעריקאנער איד, וואס אויף זיינע אויגען איז אויסגעוואקסען א גאנץ נייע וועלט. מ'דארף אויך דעם מאן, וואס קומט אהער פון א פּלאץ מיט העכערער קולטור און פרייהייט. אזא איינער וועט זיך ניט בענוגענען מיט ווייניג און וועט זיך ניט וועלען בוויגען פאר די עקזיסטירענדע בעדינגונגען. וואס, וואס — איינם האט אונז אמעריקא געגעבען: קוראזש. און אין ארץ ישראל איז דאך טאקי דער עיקר — קוראזש. ס'איז דיך מעגליך אויפצובויען א נייעם צענטר פון מאטעריעלער און גייסטיגער קולטור, מ'ברויכט נור דעם קוראזש דערצו. האט דאס דעם רוסישען אידען אין דורכ־

שניט געפעהלט. זיינען געקומען בלויז אידעאליסטען. אין אמעריקא איז דאס א איי־
נגנשאפט פון׳ם דורכשניטליכען אידען, וועלען זיי טאקע אהער קומען צוליעב פראק־
טישע אידעאלען.

מיר האבען זיך ארויפגעקליבען אויף אן אויסגעמויערטען קבר, אודאי פון איינעם
א פארצייטיגען מלך פון כנען, זיך בעקוועם פאנאנדערגעלייגט, און קליי רעדט, מ׳דארף
קעמפפען מיט דער רוטינע דא. די אלטע סביבה שטערט גייסטיג, פסיכאלאגיש.
מ׳דארף זיך מיט איהר נעהמען רעכענען. מיר דארען זעהן בלויז אונזער ציעל. ס׳איז
נאך פאראן רוטינע אויך אין דער ארבייטער־סביבה. אלטע בעגריפען, בעציהונג צום
ארבייטס־געבער און ניט צו דער ארבייט. דא איז אונזער פלאץ. דא דארפען מיר,
פועלי ציון, זיין די וועג־ווייזער, דורך אייגענעם ביישפיעל. ס׳איז שוין דא די היים.
נאר מען דארף זיך איינארדנען. מ׳דארף אריין אויך אין דער סביבה פון די קאלא־
ניסטען. זיי צייגען, ווי אזוי צו ארבייטען, ווי אזוי צו בעציהען זיך צו דער ווירט־
שאפט. מיר דארפען אהער די ציוויליזאציע ברענגען.

איך קוק זיך איין אין איהם, אין דעם אמעריקאניש־אידישען ציוויליזאטאר.
ער ווייסט וואס ער האט צו טון, ער ווייסט, אז מ׳קאן עס טון. אזעלכע דארפען
מיר דא טאקע.

קליי האט בעשלאסען זיך צו קאלאניזירען. ביי אנדערע איז איהם שווער צו
ארבייטען. ס׳איז ניטא די פרייהייט פאר עקספערימענטען, ס׳שטערט די מורא פאר
ריזיקע. ער וויל ווייזען, וואס עס קאן אויפגעטון ווערען אויף׳ן ווירטשאפטליכען
געביעט. ער טראכט אויך וועגען איינארדנען א פאמיליען לעבען. ס׳קאן ניט זיין
קיין גוטער קאלאניסט אהן א הויז און הויף־ווירטשאפט. איז נויטיג א ווירטהין,
א חבר׳טע אין דער ארבייט.

ס׳לויפען די חדשים. קליי איז קאלאניסט אין מלחמיה. פעטער, גוטער בארען, נאר
די קאלאניסטען זענען אבגעשטאנענע. איין יאהר, און זיין ווירטשאפט איז גלענ־
צענד איינגעארדענט. ער איז א מוסטער פאר אלעמען. מ׳קוקט זיך צו איהם צו,
מ׳לערנט זיך ביי איהם.

ס׳איז געקומען די צייט און ער איז נתגלה געווארען.

איז אבער ניט בעשערט געווען אויף לאנג.

ס׳האט אויסגעבראכען די מלחמה. ארץ ישראל איז אבגעשניטען פון דער וועלט.
ס׳טראגען זיך אום מאדנע קלאנגען אין די אידישע קאלאניעס. די אראבער ווילען
אויסנוצען דעם מאמענט, בעפאלען די קאלאניעס, ראבירען, שעכטען, שענדען, א תל
פון אלץ מאכען. ווערען די נעזיכטער ערנסטער, די בליקען ענטשלאסענער: מ׳גרייט
זיך. ווייט אן א זייט ליגט מלחמיה. ווערען די אראבישע שכנים הוצפה׳דיגער, קריכען
אויף דער תבואה. טהוט דאס אידישע הארץ וועה. ווערט דאס בלוט פון די אידישע
וועכטער אויפגעקאכט. מ׳טאר ניט שווייגען, אפילו איצט. בעזונדערס איצט. אנדערש

איז דאך ארויסגעווארפען די גאנצע ארבייט וואס ביז אהער. די אראבער ווערן פערשייטער, מ'שניידט אידישע תבואה. דער צוזאמענשטויס איז אונפערמיידליך. שפרייט זיך פאנאנדער די ידיעה אין אלע קאלאניעס. כאפט מען זיך אויף. ווער צופוס, ווער אויף א פערד און מ'איילט קיין מלחמיה צו הילף. ס'האט זיך שוין אנגעהויבען. איין אראבער איז שוין געפאלען, דער צווייטער פערוואונדעט. מ'געהט אויף מלחמיה. ווייבער און קינדער. מענער מיט געוועהר און מיט שטעקענס. מ'וועט א חורבן מאכען פון דער קאלאניע. די קאלאניע פערטיידיגט זיך רוהיג, ארגאניזירטערהייט. אז אנפאל אויף די קאלאניע הייסט אז אנפאל אויף'ן גליל, אויף'ן ישוב, ריהרט עס אן אלעמען. זענען די מענער אויף די דעכער אין אלע פיער זייטען צולעגט און בעגעגענען דעם שונא. קלייבען די שוהל-קינדער אונטער'ן אויפזיכט פון לעהרער שטיינער, דערלאנגען ארויפצו און ביי די אריינגאנגען — ס'ווערען אויפגעשטעלט באריקאדען. ס'פליהען קוילען איבער די קעפ. ס'טראגען זיך וואוטענדע געשרייען און קללות. די קאלאניע שטעהט פעסט. מ'קאן צו איהר נאהענט נישט צוטרעטען.

גרייכט דאס קנאלען ווייט, יאגען זיך איבער'ן ירדן און מיט דער יבשה חברים צו הילף. ווערט א שיסעריי פון ביידע זייטען. די נאכט פאלט צו שטאק-פינסטער, גרויזאם איז דער וואדי פערדושאס, ס'לויערען זיינע מערות און פעלזען-קנייטשען. דער עולם לויפט, מ'שיסט. ווער? אן אייגענער צו א פרעמדער? העברעאישע איבערופען זיך. מ'דערקענט זיך, מ'מיידט אויס דעם שונא אום צוצוקומען צו דער קאלאניע.

ס'ווארטען די אראבער נעבען דעם הרוג. מ'מוז נעהמען נקמה פאר זיין בלוט.

קליי איילט אהיים. זיין קאלאניע איז בעפאלען, זיין פרוי איז אין געפאהר. זיין האנד איז שטארק, דער רעוואלווער גרייט, און ס'הארץ פעסט. איילט ער מיט א חבר. גיכער, גיכער. זיי זענען אויבען אויף'ן בארג: אונטען ליגט מלחמיה. מיט'ן שמאלען רייט-וועג ביים שפיץ פון בארג ווילען זיי שנעל זיין אין דער היים. אבער דא אונטען אין א זייט שיסט מען. אפשר איז מען עס בעפאלען א פערשפעטיגטען אידען. נידערט מען אראפ שנעל. הילף ברענגען.

אנגעטראפען אויף'ן אראבישען הרוג מיט זיינע נקמה-דורשטענדע קרובים, און גלייך פון א קויל געפאלען. ער, קליי, דער גבור, דער אייזענפעסטער מאן, דער אויסגעצייכענטער שיסער — געפאלען פון א בלינדער קויל, אהן ווידערשטאנד, אהן קאמפף.

ווידער בין איך אין גליל. ס'שמעקט נאך מיט בלוט און פולווער. ניטא קליי'ס קערפער. מ'זוכט דריי טעג אין אלע וואדי'ס, אין'ם ירדן. ניטא. אפילו צו קבר ישראל ניט געקומען. דער גליל איז אויפגעבראכט און פערזארגט. קליי איז ניטא. און ס'שטילט זיך ניט דאס הארץ. מ'מוז איהם אויפזוכען.

ער איז דא. די שטארקע ירדן-שטראמען האבען דעם גוף געשלעפט אראפ צום ים המלח, האט ער זיך פערפלאנטערט אין'ם קאמיש פון ירדן און ווייטער ניט געגאנגען. מ'האט איהם געפונען. קוים דערקענט. אכזריות'דיג געפייניגט דעם טויטען

קערפער האבען די רוצחים. אבער די ברייטע אקסלען, דער שטארק ענטוויקעלטער קערפער זאגען עדות, אז דאס איז בערל קליי.

האט מען איהם א קבר געגראבען אין זיין קאלאניע, מלחמיה, ביי דעם ברעג פון ירדן.

זיינער א חבר בעארבייט זיין ווירטשאפט, זיין פרוי איז אין דייטשלאנד אוועקגעפאהרען זיין קינד געבערען. און דער גליל וועט לאנג געדענקען דעם אמעריקאנעם קליי, דעם שטארקען מאן מיט'ן ווייכען שמייכעל, וואס האט זיין בלוט אויף'ן אידישען באדען פארגאסען.



# דער פּיאָניר פון אַמעריקא

(א כאראקטעריסטיק פון בערל קליי)

:1

איך האָב צום ערשטען מאָל געטראָפען בערל קליי נאָך אין אמעריקא. אין א שמאָל חדר׳ל פון דעם אמעריקאנער אָפיציעלען ציוניסטישען אָרגאַן, אויף איסט־בראָדוויי, האָט מען מיר איהם פאָרגעשטעלט. אין די רעדאקציעס פון די ציוניסטישע צייטונגען פלעגט מען אין יענער צייט טרעפען צעהנדליגער אידען און יונגע לייט, וועלכע זיינען געשטאַנען אויף דער שוועל פון ארץ ישראל. מייסטענס, זענען עס געווען מענשען, וועלכע האָבען זיך קיין אָרט נישט געפונען אין זייערע אלטע היימען און זענען אונצופריעדען געווען מיט דער גאַנצער וועלט. נאַטורען אַביסעל ראָמאַנטישע, אָבער מעהר צובראָכענע, צוקאַליעטשעטע. אין אמעריקא זיינען עס געווען נאָך ניט קיין אויסגעגרינטע איינוואַנדערער, וועלכע האָבען פון דער ערשטער שטונדע אָן גע־וואָרפען אַן אוֹמ׳חן אויף קאָלומבוס׳ען און זיינען ארומגעגאַנגען אין אידישען קוואַרטאָל, ווי אויף א פרעמדער וועלט.

ווען קליי האָט געעפענט די טהיר פון׳ם ענגען רעדאקטאָר׳ס צימער׳ל און אריינגעשטעקט דעם קאָפּ, האָט ער איבערגעשלאָגען א שמועס מכח ארץ־ישראל און טערקיי. חברה האָבען אָפּגענומען א גרוס און האָבען זיך ווי גרויסע בקיאים נאָכגעפרעגט נאָך יעדעס פּיצעלע, געהערט מיט פערחאַפּטע אָטעמס יעדע קליינינקייט, און אויף די אויגען זייערע האָט זיך פערשפּרייט א פייכטער טוי פון בענקעניש.

דערזעהענדיג קליי׳ן, האָבען חברה אויסגעשריען: — אָט איז דאָך דער האכר הצעיר! קום נאָר אריין, קום — ס׳טו הערען עפּעס נייעס!

ער האָט גוטמוטיג און מיט א שמייכעל אויף די ליפּען אריבערגעטראָטען די שוועל, זיך קענטיג נישט געלאָזט איבערראַשען פון דער אויסזיכט צו הערען נייעס און האָט אביסעל שעמעוודיג און אין א פערלעגענהייט זיך „פּאַמעסטיט“ מיט זיין גרויסער פיגור צווישען דער חברה.

לאַנג איז ער דאָרט ניט געבליבען. ער איז באַלד ארויס, איבערלאָזענדיג א מאָדנע געפיהל פון׳ם דרוק פון זיין שטאַרקער פּויערישער האַנד. מיט א שטונדע שפּעטער האָב איך איהם נאָך א מאָל געטראָפען אין אָפּיס פון די פּועלי־ציון, אין יאַרמולאָווסקי׳ס הויז, וואו מען האָט מיר איהם נאָך אמאָל און וואַרימער פאָרגעשטעלט. ער האָט געוואוסט פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל, עס האָט איהם, ווי עס האָט געשיינט, אינטערעסירט די גאַנצע פּראָבלעמע אין מזרח. קיין נייגיעריגער אויף ידיעות אין בעקאַנטען זין איז ער אָבער ניט געווען. דערפאַר האָט ער געקענט אמעריקא; געקענט און

געליעבט אמעריקא. אך, ווי ער האט ליעב געהאט אמעריקא! מיר זענען נאך דעמיזעלבען טאג שטונדען לאנג ארומגעגאנגען אויף די טראטוארען פון איסט־בראדוויי און גערעדט וועגען די פעראייניגטע שטאאטען. וואס פאר אן אמת'ע, גרונטאווּנע און קיילעכדיגע ווערטער האט דער געוועהנליך־שווייגענדיגער קליי געפונען אין זיין לעקסיקאן, ווען ער האט גערעדט פון דיזען לאנד. ער האט מיט די געדאנקען געלעבט צווישען אמעריקאנער פעלדער, אויף אמעריקאנער פארם'ס און האט אזוי פערשטאנען דעם גייסט פון אמעריקאנער שאפען, אמעריקאנער „עפישענסי"! די װענד פון דער געטהא האבען איהם געפרעסט. ער האט זיך געפיהלט ווי א פרעמדער צווישען די צעהנער טויזענדער פערהאוועטע דורכגעהער. מען האט פון איהם חלילה נישט געהערט קיין זידעל־ווערטער וועגען דער געטהא, ווי פון אנדערע קאנדידאטען קיין ארץ ישראל, מען האט אויך נישט געפיהלט, אז ער טראגט אין זיין הארצען פעראכטונג צו דעם אמעריקאנער אידישען ישוב. עס איז פשוט געווען ניט זיין וועלט. ער האט שוין אין הארצען געטראגען די פארבען פון ריינע ברייטע הימלען, דעם ריח פון בליהענדע פעלדער און די ריהרענדע נאטירליכע פראסטקייט און זיכערהייט פון א פויער.

די בעוועגונגען זיינע זיינען פאר זיין גרויסער פיגור געווען זעהר קיילעכדיגע, ווייכע און הארמאנישע, די שטימע — א זאפטיגע מיט א סאמעטענעם באסאווען אונטער־טאן. די ארט פון זיין געשפרעך איז געווען א פערטרוּיליכע, אריינדרינגענדע, א זעהר קארגע אין פארבען, אבער אן אונגעוועהנליכע גענויע און אמת'ע. קיינע קלארע פאנטאזיעס, קיין שעהן־רעדעריי, קיין פארלויפען דעם וועג און טרעפען א פריהער — ווירקליכקייט האט געאטעמט פון יעדען ווארט.

ארץ ישראל איז פאר איהם געווען א רעאליטעט, מעהר ווי פאר הונדערטע פון די, וועלכע האבען דארט געלעבט און זיך באריהמט, אז זיי זיינען דאס לאנד דורכגעגאנגען „מדן ועד באר שבע". זיינע ידיעות וועגען ארץ ישראל האבען געהערט נור צו א געוויסען פאך, צו ז י י ן פאך, מיט דער איבעריגער ארץ־ישראל־וועלט האט ער זיך אינטערעסירט נור פארבייגעהענדיג און זעהר ווייניג. דערפאר זיינען די ידיעות, וועלכע ער האט פארמאגט וועגען ארץ־ישראל, געווען זעהר גענויע און ממשות'דיגע, מען קאן זאגען געמאסטענע און געוואויגענע. ער האט פון זיי גערעדט ווי פון א ווירקליכקייט, וועלכע איז איהם געווען אזוי נאהענט, ווי זיינע אמעריקאנער פארם'ס. אמעריקא און ארץ־ישראל האבען אין זיין קאפ איבערהויפט איינע די אנדערע ממלא געווען. וואס ער האט געזעהן און געטון און בעאבאכטעט אין אמעריקא איז געווען לשם ארץ־ישראל, און ער האט שוין געוואוסט, וואו ער וועט עס דארט אהין טון.

זיינע ידיעות וועגען ארץ־ישראל האט ער דעמאלט געשעפט פון א קוועלע, וועלכע איז פאר איהם געווען א הייליגע: פון די בריעף, וועלכע זיינע חברים פון „האכר הצעיר" האבען איהם געשיקט.

— אט דאס ווייס איך, — פלעגט ער אפט זאגען: י. י. האט מיר ש ו י ן דעריבער געשריעבען.

און וואס י. י. האט געשריבן — האט נישט געדארפט קיין בעשטעטיגונגען און האט פון קיינעם ניט געקאנט אפגעלייקענט ווערן.

דאס גלויבען פון קליי אין יענער צייט איז אלץ, וואס די חברים פון „האכר הצעיר" פלעגען איהם שרייבען פון ארץ־ישראל. דאס צוטרויען זיינס צו זיי, אבער נור צו זיי און ווייטער צו קיינעם נישט, צו זייער אויג, צו זייער בקיאות, צו זייער פינקטליכקייט — איז אפשר דאס חאראקטעריסטישסטע אין דער גרופע, צווישען וועלכער קליי האט זיך מחנך געווען צו זיין הייליגען, אבער טראגישען לעבען אין ארץ־ישראל.

נישט צו אלע חברים אין „האכר הצעיר" האט ער געהאט די זעלבע בעציהונג. זיי זיינען אייגעטיילט געווען אין צוויי גרופען: איין גרופע איז בעשטאנען פון שוין געמאכטע מענשען, וועלכע זענען דורכגעגאנגען אלע נסיונות, וואס תאבען זיך פון זיי פערלאנגט, די אנדערע — —האט ערשט בעדארפט אויסהאלטען די פראבע. עס איז נישט גענוג געווען צו גלויבען אין דער ערנסטער ענטשלאסענקייט פון א חבר צו געהן קיין ארץ־ישראל אלס געבילדעטער און ערפאהרענער מוסטער־פארמער אויף דעם אמעריקאנישען שטייגער. עס האט נאך געמוזט קלאר ווערען, אז דער חבר בעזיצט דעם נויטיגען חאראקטער צו דער מיסיע, א טיפע געוויסענהאפטיגקייט, אן אויס־דויערונגס־פעהיגקייט און א שטארק מאראליש געפיהל. די חברים פון „האכר הצעיר" האבען, קודם כל, געמוזט מאכען גוטע און שטענדיגע פארשריטע אין דער לאנד־ווירטשאפט, געהן מחיל אל חיל אין די ספעציאליטעטען, צו וועלכע זיי האבען זיך געווידמעט. דאן האבען זיי זיך געמוזט מאכען אונאבהענגיג, מיט זייער אייגענער מיה און פון ערד־ארבייט אליין צונויפקלייבען זיך א קאפיטאל נישט ווניגער פון 500 דאלאר. דער חבר האט זיך געמוזט אויסלערנען צו זיין שפארזאם, בעאבאכטענד, גע־טריי דעם אמת, היטען די וויסענשאפטליכע פינקליכקייט, זיין גענוי אין יעדען ווארט און צעהלען יעדען שריט.

דאס איז געווען א ניט־געשריבענער קאדעקס פאר'ן „האכר הצעיר" אין יענער צייט. נור אזא חבר האט געהאט דאס פולע צוטרויען און אויף איהם האט מען זיך סומך גע־ווען אהן יעדער צוריקהאלטונג. איהם האט מען געטרויעט, ווי זיך אליין, אזא חבר האט שוין געמעגט געהן קיין ארץ־ישראל. ביז מען האט ניט אויסגעפילט די אלע תנאים, איז מען נאך געבליבען דא: ווייטער צו לערנען, ווייטער געלד קלייבען, ווייטער לייטערען זיך אין דער שאפענדער אטמאספערע פון די מישיגאנער, מיטעל־וועסטער אדער גאר קאליפארניער פארמס.

וואס איך האב אין קליי די ערשטע צייט ניט געקאנט פערשטעהן איז אמערי־קא, איז זיין סאציאליזם. פון וואנען איז געקומען צו דעם דורכאויס ווירקליכקייטס־מענשען, צו דעם פראקטישען טוער מיט פראקטישע ציעלען די איבערגעבענקייט זיינע צו א דאקטרין, צו א סאציאל־פאליטישער סכעמא? ווי האט ער פארבונדען זיין טאג־טעגליכע ארבייט פון א פארמער, זיין צוועק, אין וועלכען ער האט אריינגע־לעגט אזוי פיעל נשמה און האט זיך צו איהם פארבערייטעט מיט אזוי פיעל מסירות

הנפש, — מיט דעם סאציאליזם, אלס א טעאריע און נאך מעהר אלס א בעוועגונג פון א נייער געזעלשאפט?

איך האב מיך פיעל מאל געפרעגט, צו הענגט ביי איהם דער סאציאליזם נישט אין דער לופטען, אדער צו איז ער ביי איהם נישט געבליבען ווי א זכרון, א נשאר פון יענע טעג, ווען ער האט נאך ניט אנגעהויבען זיך מחנך צו זיין פאר זיין ארץ־ישראל־לעבען. בעזונדערס איז מיר זיין פועלי ציוניזם קשה געווען, ווען עס איז מיר בעקאנט געווארען, אז זיינע נאהענטסטע חברים אין „האכר הצעיר" זיינען גאר קיין פועלי ציון נישט געווען, נאר מעהר גענויגט צו דער ניט־סאציאליסטישער ארבייטער־בעוועגונג.

ערשט שפּעטער איז מיר די זאך קלאהרער געווארען. קליי האט נאך דא, אין אמעריקא, געפיהלט, ווי דאס רוב פון די פועלי־ציון אין ארץ־ישראל, אז סאציאליזם איז נישט, פאר אונז יעדענפאלס נישט, נור קיין פאליטישע בעוועגונג, נאר א וועג, וועלכער וועט אונז פיהרען צו דער נייער פרייער געזעלשאפט דורך שאפען, דורך ארבייט, דורך א זיווג פון אידעאליזם מיט נאהענטער צום הארצען, פיזישער, שאפענדער ארבייט. ער האט געגלויבט, אז דער אידישער סאציאליזם, דער קאנסטרוקטיווער, שאפענדער סאציאליזם, אלס א לעבעדיגער גייסט בעדארף האבען א זיעג איבער אונז, קליין־קרעמער, אליין, אויסלעהרענדיג אונז צו ליעבען ארבייט, אויסלייטערען און פריש מאכען דעם אידישען געמיטה. ער האט געגלויבט, אז דער אידישער סאציאליזם וועט דערפיהלען זיין אינערע מאכט ניט דורך א מעכאנישער ארגאניזאציע פון אידישע ארבייטער, וועלכע פארשעלטען יעדען טאג זייערען און קוקען אויף זייער ארבייט, ווי אויף קייטען, פון וועלכע זיי קאנען נישט פטור ווערען, נאר אין דער אויפבליהונג פון אידישען שאפונגס־גייסט, פון דעם נאטור־גייסט, וועלכע בעקומט אויף דעם היסטארישען באדען פון אונזער נאציאן — אין ארץ־ישראל — אזא הויכען אידעאליסטישען זינן.

אט דער אויסגערעכענטער, לאנגזאמער, בעאבאכטענדער און זיכערער פויער־קינסטלער איז געווען אן אונגעהויערער אידעאליסט. ערשט אין א צייט ארום האב איך מיך אויסגעלערנט אין מיטען זיינע סאמע רעאליסטישע און פראקטישע געשפּרע־כען צו כאפּען א קוק פון א זייט אויף זיין געזיכט: זיינע עהרליכע דונקעל־גרויע אויגען פלעגען קוקען אין דער ווייטקייט אריין, שאטענס פון ענטשלאסענהייט און כמעט גרויזאמקייט פלעגען איבערציהען זיין גוטען שטארקען פנים און מען האט געפיהלט אז דער מענש האט זיך שוין אין די גרענקען זיין לעבענס־קאריער און וועט געהן צו איהר אפילו אריבערשפרינגענדיג דורך זיין אייגענעם קערפער...

.2

עס איז געווען א ווינטערדינער פארנאכט, ווען די באהן פון חיפה האט מיך צו־געפיהרט צו סמח, די באהן־סטאנציע פון „כנרת".

גרויסע ריעזען־שאטענס האבען זיך שוין אויסגעשפרייט איבער'ן עמק יזרעאל, און דער היסטארישער טהאל איז געווארען פול מיט פאר־נאכט־סודות. נעהענטער

צום ים־כנרת איז געווארען געבירגיגער און די לופט — א שטארקערע, די סביבה, — א העלדישערע.

פאר מיינע אויגען איז מיר נאך אלץ געשטאנען „מרחביה“, דורך וועלכע מיר זיינען שנעל דורכגעלאפען מיט דער באהן. א מאדנע אונרוהיג געפיהל איז געבליבען אין הארצען. קעגען דער ערשטער אידישער פעסטונג איז טהאל שטעהען — „נצרת“ מיט איהרע הייליגע קירכען; ביי דער זייט — דער הר תבור מיט א מאנאסטיר אויף דעם שפיץ; דער טהאל, וועלכער ליגט ווי אן אוראלטער גבור צווישען די הרי אפרים און דעם קליינעם חרמון, איז פול מיט רויבער־נעסטען, הפקר־אראבער און העלדען פון ברייטען שליאך, — און, אין דעם צענטר פון טהאל, אויף דעם בערגיל, שטעהט איינזאם און ארויסרופענד די יונגע אידישע מרחביה, וועלכע האט שוין בעגראבען אין איהר שויס די ערשטע העלדישע בעשיצער איהרע.

נאהענט צום ים־כנרת ווערט היימליכער. די באהן פיהרט צו צו דעם גליל התחתון, וואו עס פיהלט זיך שוין א שטיקעל אידישע היים. אויף דער סטאנציע סמח האב איך געטראפען אידען, סוחרים פון טבריה, וועלכע דערמאהנען מיט זייער הולך און דעם רוסישען קליין־שטעדטעל׳דיגען אידען פון צוריק מיט 50 יאהר, אביסעל אראבער און יונגע ערד־ארבייטער פון דגניה און כנרת. די לופט א לעבעדיגע, טעטיגע. עס פיהלט זיך א מין בויען, א זוכעניש, און צווישען אלע עלעמענטען ווארפט זיך דער יונגער טיפ איד אין די אויגען אפילו דעם זייטיגען בעאבאכטער.

פון צווישען א גרופע יונגע קאלאניסטען און ארבייטער האט פלוצלינג ארויסגערוקט דעם קאפ בעריל קליי און האט זיך א ווארף געטון אן מיין זייט. אויסגעשטעלט די שטארקע צייהן אויף דעם אמעריקאנישען אופן, ארייגעכאפט מיין האנד אין זיינע שטארקע הענד און רויט געווארען, ווי תמיד. משונה׳דיג איז מיר געווען זיין ערשטער ווארף אן מיין זייט. ווי קומט עס צו איהם? עפעס ניט זיין בעוועגונג, צו פיעל אויסדרוק, צופיעל זיך איבערגעגעבען דעם סטיחישען „נעהם“...

נאכהער האב איך בעמערקט, אז דאס איז געווארען זיין נאטירליכע בעוועגונג. זיין נשמה האט זיך אין ארץ ישראל בעפרייט פון די קייטען און אפשר האט ער ארייגעכאפט אין זיך א נייע אונרוהיגקייט, וועלכע איז איהם אויף די „פרעריעס“ פון די פעראייניגטע שטאאטען נאך נישט בעקאנט געווען.

קליי איז געווען שטארק אפגעברענט, האט געטראגען אמעריקאנישע ארבייטס־אויבערהויזען, איז געווען אהן א היטעל, און יעדער אבר האט אין איהם געלעבט.

— וואס הערט זיך, קליי? האב איך איהם א פרעג געגעבען, ווען ער האט געכאפט מיין פעקעל אויף די פלייצעס און מיר האבען זיך געלאזט אין וועג צו דער פארם כנרת, וועלכע ער מיט נאך חברים האבען געהאלטען אין ארענדא בייט נאציאנאל־פאנד.

— וואס ווערט איהר זיך איצט נאכפרעגען? איהר וועט שוין אליין זעהן. גיט נאר א קוק רעכטס, דאס איז „דגניה“. דארט זיצט איצט א קבוצה, ווי געפעלט אייך

דאס צווייטשטאקיגע הויז זייערס? ס'קאסט א פערמעגען און מען בעדארף עס אויך כפרות. אי, האט מען דא געווירטשאפטעט! ביי אונז אויף דעם פארם „כנרת" זיינען אויס אונוויסענהייט צעהנער טויזענדער פראנקען אויסגעגעבען געווארען אויף דעם שווארצען יאהר, און אונזער קבוצה וויל איצט בעווייזען א בריה'שאפט, ווי מען קאן אויסקומען אהן דעפיציטען. קיינער גלויבט עס נישט, אין „כנרת", ווייסט מען, מוז מען פערליערען געלד. מיר וועלען זעהן!

זעהט איהר, אט דעם גאנצען ווינקעל, וואוהין איהר געהט איצט, — דאס איז א נעסט פון עקספערימענטען און ערפאהרונגס־מאכעריי. מיר, „האכר הצעיר" פון אונטען, נעבען אונז — די שול־פארם פאר די מיידלעך, אין דער קאלאניע „כנרת" מאכט איינער א רייכער דייטשער איד מיט געלד, וואס ער האט פארדיענט אלס אמעריקאנער אינ־זשעניער, די וואונדערבארסטע ווירטשאפטס־פראבען, און אויבען, אויף דעם בארג, בויעט מען איצט און מען פלאנצט די אמעריקאנישע קאלאניע „פוריה". מיט יאהרען שפעטער וועט עס זיין אן אינטערעסאנט ווינקעל, אבער שוין איצט איז דא דאס לעבען ניט אומזיסט.

ביז מיר זענען געקומען צו דער פארם איז שוין די נאכט שטארק צוגעפאלען. די פארם האט פון דרויסען אויף מיר אין דער פינסטער געמאכט דעם איינדרוק פון א גרויסער אפגעשלאסענער פעסטונג. דער הויף אינעווייניג איז עפּיס אויך צו רייך געווען. מיר זענען אריין צו מיר אין צימער, וועלכער איז געווען צוגעגרייט אויף דער מיידעל־פארם, און פון דארט — אין „קיך". א שעהן גרויסער־צימער מיט בילדער אויף די ווענד, מיט אביסעל ביכלעך אין שראנק און מיט די לעצטע אמעריקאנישע צײ־טונגען אויף'ן טיש. א טייל פון דער קבוצה האט זיך נאך געפארעט אין שטאל און אויף דעם הויף. — קליי איז באלד ארויס זיי צו העלפען. איך בין געבליבען מיט א חבר'ס א שוועסטער, וועלכע האט געפיבערט און איז דערום געווען אין שטוב, און מיט א פאר חברים, וועלכע האבען זיך שוין אפגעפארטיגט און זיינען געקומען עסען. די קבוצה איז נאך ניט געווען פול: אייניגע זענען געווען אין חיפה צו פארקויפען תבואה און עפּיס קויפען.

— וואס הערט זיך, ווי פיהלט איהר זיך? האב איך געפרעגט.

— ווי זאלען מיר זיך פיהלען — עס איז איצט פראבע־צייט. אויב דאס יאהר וועט זיין אהן דעפיציטען — וועלען מיר צופריעדען זיין.

קליי איז אריין אויף די רייד. א לעבעדיגער, א צאפּעלדיגער.

— איך הער, אז איהר רעדט שוין פון „ביזנעס". לאזט עס אויף שפעטער. איהר מוזט זיך אליין צוקוקען צו אלץ און אויב איהר בלייבט דא ביי אונז אויף שבת — וועלען מיר צייט האבען זיך ארומצוקוקען און אלץ ארומרעדען. די אונטערשטע שורה איז, דאס מיר זענען שוין אין ארץ ישראל. דאס אליין איז שוין גענוג. דאס איבעריגע וועט פון זיך אליין קומען. וואס אין ארץ־ישראל פעהלט איז געלד און ערפאהרונג. איך לעג האפנונגען אויף אמעריקא, אהן אמעריקא וועלען מיר דא גאר ניט קאנען אויסקומען.

שבת זענען מיר מיט קליי געווען אויף א פערזאמלונג פון די קאלאניסטען אין דער שולע. אין „פוריה" אויף דעם בארג, ביי גאלדמאנען; ארומגעקוקט די רייכע פארם אין כנרת, אויף דעם גרונד פון וועלכער עס שטעהט שוין אויך א שעהנער דארף׳ס־האטעל.

שטונדען־לאנג זענען מיר ארומגעגאנגען מיט קליי ביים ברעג פון׳ם שטילען לא־כענדען ים־כנרת, און דאס ערשטע מאל האב איך פון איהם געהערט נביאות:

— איהר זעהט אט די געגענד — האט ער מיר געזאגט, אנווייזענד אויף דעם בארג און אויף דעם וועג קיין טבריה. די געגענד קאן אין עטליכע יאהר ארום זיין א פאל־קאמענע בליהענדע אידישע געגענד, דער ים איז שוין איצט כמעט א אידישער. פון דעם בארג, וואו „פוריה" שטעהט, וועט אמאל פיהרען קיין כנרת א בארג־באהן און זי וועט אונז פעראייניגען. די ערד ארום און ארום קאן זעהר לייכט ווערען איין שטיק אידישע ערד, מען בעדארף נאר אויסקויפען נור איינציגע שטיקלעך לאנד. אויב די חמי טבריה זאלען איבערגעהן אין אידישע הענד, קאן דא ווערען א גרויסער קור־ארט, און די לאנד־ווירטשאפט וועט זיך דא זעהר גוט בעצאהלען. מיר געהען איצט איבער צו אינ־טענסיווער ווירטשאפט, אונזער קומען אהעד און אונזער ווירטשאפט ווירקט אויף די קאלאניסטען אין דער גאנצער געגענד. זיי זעהען גאנץ נייע מעטאדען. דאס וועט זיין איינע פון די געבענשטעסטע ווינקלען אין לאנד. מיר בעדארפען נאך מעהר לייט פון אמעריקא. איך בין זעהר צופריעדען פון דער „פוריה", זי טראגט אריין א נייעם געדאנק, א נייעם עקספערימענט אין ישוב.

לאנג זענען מיר ארומגעגאנגען. ער האט גערעדט פיעל און בעגייסטערט, גאר ניט ווי זיין טבע, ער איז שוין געווען א בקי אין גאנצען ישוב, אין אלע זיינע פערפלאנ־טעסטע פראבלעמען.

אין א פאר טעג ארום, ווען ער האט מיך ארויסבעגלייט צו דער באהן, האב איך איהם געזאגט שטיל:

— קליי, איהר ווייסט, איהר זייט דאך גאר אנ׳אנדערער. איהר פלעגט אין אמע־ריקא זיין פיעל צוריקגעהאלטענער, פיעל מעהר קלעהרען, ווי רעדען, און האט זיך ניט געטרויעט צו פארקריכען אין דער צוקונפט.

— יא, איהר זייט גערעכט — האט ער מיר געענטפערט — איך לעב ערשט אי־בער די ערשטע טעג פון מיין פריהלינג, איך האב דאס לאנד געטראפען פיעל בעסער, ווי איך האב עס מיר פארגעשטעלט, און איך בין אזוי פול מיט׳ן געדאנק, אז איך בין שוין אין ארץ ישראל, אז עס גיסט זיך איבער די ברעגעס. איך מוז אייך אבער זאגען, אז אונזער ארבייט וועט ניט זיין קיין לייכטע, שווערער, ווי איך האב זי מיר פארגעשטעלט. מיר בעדארפען נאך און נאך שטארקע מענשען, אמת׳ע פיאנירען.

ווען די באהן האט זיך אנגעהויבען צו ריהרען און קליי איז געבליבען שטעהן אליין, קוקענדיג אויף מיין אוועקגעהענדען וואגאן, האב איך איבער זיין קאפ זיך ארומגעקוקט אויף דער גאנצער געגענד: דעם ים־כנרת, די בערג פון יענער זייט, די

לייכטענדע מאדערנע הייזער פון די אידישע קאלאניעס ארום, אלס האט זיך צוזאמענגענאסען אין איין פרישען לאנדשאפט פון טייערע, היינטיגע אידישע שאפע. און קליי איז געשטאנען פאר מיר אין צענטר פון איהם. קליי — דער טיפ פון דעם נייעם אידען, וועלכער איז, לויט די נביאות פון יהודה ליב גארדאן, געקומען קיין ארץ־ישראל דורכגעלייטערט אין שמעלץ־טיגעל פון אמעריקא.

ווער וואלט זיך געקענט ריכטען אז אזוי גיך וועט איבער זיינע אלע חלומות, אייבער זיין גאנצער הייליגער לעבענס־קאריער זיין איבערגעקעהרט א בארג מיט ערד...

וועט קליי זיין דער לעצטער, וועט אמעריקא ניט שיקען קיין אנדערע צו פארנעהמען קליי'ס הייליגען פלאץ?...

א. קריסטשאווער-יזרעאלי



## צעוואָרפענע בלעטלאַך

די נאכט אין קעלער.

רחובות. די ערשטע בלענדענדע זוניגע טעג פון מיין זיין אין לאנד. מיינע ערש־טע וויזיטען אין׳ם „בית השומרים״. אין׳ם וועכטער־הויז. עטליכע טישלעך, בעטלעך פון ברעטער און קעסטלעך, אנגעוואָרפען, הויל, ווי אין א לאַגער־ביידעל: אויף די ווענד קוילען־גאַרטלאַך, רעוואָלווערען; אין איין ווינקעל עטליכע אנגעוואָרפענע צו־ריסענע ביכער: אין א צווייטען שלאָפט ווער א דער׳הרג׳טער: דער זינגט, דער טענה׳ט: דער רייניגט זיין געוועהר: ס׳איז די וואך הויז פון דער קאָלאָניע. דא טרעף איך זיך מיט צ. ב. פון קאווקאז, יחזקאל ניסאנאוו׳ס חבר. דערמאָנען מיר זיך: קראָקוי.

אין 1905 יאהר פאר די אקטאָבער טעג איז עס געווען. זאגט מען מיר אז פון קראָ־קויער פועלי ציון קלוב: צוויי רוסישע אַנטלאָפענע חברים ווילען מיך זעהן. דעם אמת געזאגט, שוין אביסעל דערעסען דאן די רוסישע „אנטלאָפענע״. א טייל פון זיי פלעגן צוקראַכען ווערען, אראָבפאלען ביי זיך און דעמאָראליזירט ווערען אין אויסלאנד, א טייל וויעדער האט פשוט געבלאָפט. דאך — צוגעגאנגען צום קלוב. געטראָפען צוויי יונגע בחורים, שווארץ צוברענטע פנים׳ער, מיט׳ן פייערל אין די אויגען, אין גרויסע שטיוועל און דונקעלע קורטקעס: זאגען זיי מיר, אז זיי ווילען „פאָהרען אין אררויז ישראל״ — דער „ר״ שארף הארט ארויסגערעדט. כ׳האָב אנגעקוקט אט די צוויי פראָסטאַוואַטע געזונטע קאווקאַזער שקצים און ניט גוט תופס געווען וואס זיי ווילען איינענטליך פון ארץ ישראל.

דערצעהלען זיי מיר, זיי האבען די גרענעץ גע׳גנב׳ט, פערלאָרען ביז א פרוטה געלד. מגולגל געוואָרען פון אדעס קיין קראָקוי. ווי אזוי זשע וועט איהר קומען אהן א פרוטה געלד קיין ארץ ישראל? —

— מיר וועלען ארבייטען, פערדיענען, אבשפארען אויף הוצאות הדרך פון שטאָדט צו שטאָדט ביז טריעסט. פון דארטען מיט׳ן שיף קיין ארץ ישראל. שניידער געווען. געקראָגען ארבייט. כמעט אלע פארנאכט פלעגען זיי ביידע קומען אין פועלי ציון „קלוב״, בלעטערען א צייטונג און שווייגען. מיט קיינעם קיין מחזקות ניט פערפיהרט. כ׳האָב זיך שוין ווי פערגעסען אז זיי.

· אין א צייט ארום זיינען מיינע פינאנסען געווארען זעהר שמאל. געבליעבען נאר אהן פערדיענסטען. אוועקגעלאזען זיך זוכען די „ביליגסטע“ דירה. דערקראכען עפעס צו א קעלער. אינווייניג די גאנצע פאדלאגע פערבעט מיט בעטגעוואנד, אויף וועלכע עס זיינען צעווארפען הענטלאך און פיסלאך פון א גאנצער מחנה קליינע קינדערלאך. אין מיטען קעלער, צוויי בעטען פערדונגענע. די בעל הבית'טע אליין אנ'אלמנה שלאפט מיט די קינדער אויף דער ערד. איין בעט איז פערדינגען דעם וויענער: (א יחסן, וויל נאר אליין שלאפען — ערקלערט מיר די מוטער) די צווייטע פאר צ. ב. מיט יחזקאל ניסאנאוו'ן. איך האב נאר איינעם געטראפען. וואו איז דער אנדערער? ערקלערט מען מיר: דער לוין איז קליין, קוים וואס קלעקט אויפ'ן לעבען; מ'מוז דאך אבשפארען אויפ'ן וועג. ארבייטען זיי דורך נאכט אויך: איין נאכט איינער, די אנדערע — דער צווייטער. זיי האבען שוין אויף אזא אופן אבגעשפארט אביסעל געלד. זיי האפען נאך אויף יום-טוב צו פאהרען אין וויען.

ער האט מיר דערצעהלט פשוט, אפענהערציג ווי א קינד. אהן קיין שום פערדרום אדער בעריהמעריי...

יענע נאכט איז דער דאזיגער פינסטערער קעלער רעטזעלהאפט און הייליג געווארען אין מיינע אויגען...

דער הערלישער לעבען און נאך הערלישער טויט פון יחזקאל ניסאנאוו, דער שטארקער איבערגעגעבענער שומר צ. ב. אין ארץ ישראל, איז די פארטזעצונג פון דער הייליגער רעטעניש פון יענער נאכט אין קעלער...

אויפ'ן הארמאניק.

ס'האט זיך דערנענטערט די צייט פון וואנדאזש. די כרמים פולע, דער סאמע ברען פון שמירה. עפעס האט פאסירט אויף דער וואך ביי נאכט. זייטיגע האבען ניט געוואוסט וואס, די וואך איז געווארען שטרענגער און אונרוהיגער. מ'האט אין רחובות אראבגעבראכט נייע שומרים פון חדרה, פון גליל, צו פערשטארקערען די וואך. צווישען זיי איז געווען אויך מאיר'קע.

כ'האב וועגען איהם פיעל געהערט פון זיינע חברים. תחילת איז ער מיר ניט גע-פעלען געווארען. דער טשוהונענער קאליר פון זיין געזיכט און זיין שטייפע און שווערע צוריקגעהאלטענקייט האט מיך דערוויטערט פון איהם.

דערצו — דאס יונגע מיידעלע. ס'האט פערדראסען: א קינד, נאך קיין 17 יאהר ניט אלט, נאך אזוי אונבעריהרט און נאאיוו אין איהר רויהער און הייסער נאטור.

וואס זשע וויל ער פון איהר?... כ'האב זיי עטליכע מאל געטראפען צוזאמען אויף'ן כרם, געשטיפט, געטאנצט. מיך האט עס ביים הארצען געשניטען: וואס האט ער זיך דער כמורנער, שווארצער בחור אנגעזעצט אז דעם יונגען בליהענדען קינד?...

דערצו פלעגט ער זיך אמאל שטעכען: „די מענשען מיט די ביכער", „די אינ־טעלעגענטלאך", — דער עכטער אונמיטעלבארער כאראקטער, דער מענש פון ווילען און טהאט האט תכלית שנאה פיינד געהאט די מעקלער פון גייסט. „די מענשען מיט די ביכער".

איינמאל פארנאכט. מאיר'קע האט זיך אומגעקעהרט פון פעלד, עסען אבענד־ברויט אין בית־השומרים, מיטגעבראכט א פולע פאלע פון זיין אבאייע מיט פרישע וויינ־טרויבען. זיין מיידעל האט דערלאנגט צום טיש, געוועז נאך א וועכטער מיט זיין פרוי. דערנאך האט ער אנגעהויבען זינגען; פון זינגען אריבער צום הארמאניק. פאנאנדער־געגאנגען זיך און א לאז געטון מיט'ן הארמאניק טאנצען... ווי אנ'אנגעגליהטער שטיק אייזען האט זיין פנים געברענט; די טענער, דער קול אזוי פייערדיג, דורשטיג; די טענ'ן — הילכיגע האמער קלעפ פון א ווילד לוסטיגער נשמה...

כ'האב פלוצלונג בעגריפען אז אין דעם אונמיטעלבארען כאראקטער גיסען זיך צונויף זיין יונגענדליכער טרוים מיט זיין אידעאל, זיינע ווייסע נעכט פון דער וואך מיט זיין ליעבע צו דער מיידעל; זיין שנאה צו „די מענשען מיט די ביכער" מיט זיין ליעבע צו זיין ארבייט, אלץ פעראייניגט זיך אין איין פייערדיגען עקסטאז, אין איין שטארקען אויסברוך פון לוסט און לעבען...

מיר איז קלאר געווארען, אז איהם קומט דאס יונג קינד... מאיר'קע האט אינער־ליכע רעכט אויף דער קוים אויפגעבליהטער יונגער טאכטער פון קאווקאז... די מאיר'קעס זיינען צו עכט, צו אויפריכטיג זיי זאלען אבנארען.. זיי פיהלען אינסטינקטיוו וואס זיי געהערט...

דורך די טענער פון הארמאניק האב איך איהם דערהערט...

א פארנאכט מיט קליי'ן

מלחמיה. די נידער היץ פון כנרת־געגענד שפארט אין אלע זייטען: די קא־לאניע לעדיג, שטיל. ס'איז מיטען טאג. מענער אויף די פעלדער ביי דער ארבייט. פרויען און קינדער פערבארגען אין שטוב, ביי זייער הויז־ארבייט: די הייזער מיט

אראבגעלאזטע לאדען, מ'בעהאלט זיך אויס פון דער היץ. פריי, ניט פערנומען זיינען נאר די צוויי שומרים. צוליעב א גאסט שלאפט מען ביי-טאג וועניגער א ביסעל: מיר געהען ארונף אויף'ן בערגעל נעבען דער קאלאניע. די צוויי שומרים פלאפלען, דערצעהלען מיר, פרעגען אויס וועגען דעם און יענעם שומר. אנטקעגען אונז — א קליין משפחה'לע קאליפּטוס-בוימער. די שומרים דערצעהלען, ווי פיעל צרות זיי שטעהען אויס פון די בוימער. זיי וואקסען הארט נעבען דער קאלאניע, די גנבים פער־בעהאלטען זיך צווישען זיי, דער וועכטער איז אלע מאל אין סכנה בעפאלען צו ווערען פון הינטען: ס'האט שוין אמאל געטראפען, אז מען האט פון דאנען פלוצלונג גע־שאסען אויף זיי, נאר בדרך נס — ניצול געווארען... אין א פינסטערער נאכט מוז מען זעהר פארזיכטיג זיין... די בוימער מיט זייערע שמאלע מאטאווע בלעטלעך, פערטריקענטע פון דער זונען שיין, האבען אויסגעקוקט אזוי פריעדליך, אזוי געמיטה־ליך, ס'האט זיך גאר ניט געקלעפּט צו זיי די נאכט-שרעק וואס די שומרים האבען אויף זיי אנגעווארפען...

רוקט זיך דער טאג — און אונזער שמועס נאך איהם. אין ארץ ישראל פיהלט מען ניט אזוי דעם פערלוסט פון דער צייט. אזוי פיעל עהנליכע ליכט-פולע טעג. ארום אזוי בלענד העל, שטיל און בלוי — עס וועבט זיך די אילוזיע פון „טויזענד און איין טאג"...

רוקט זיך דער טאג, ווערט קיהלער, פרישער. דערפיהלען זיך פון דער ווייט די קליינע בערגלעך, קופקעס — אראבישע ערדענע הייזלאך. ציהט זיך א לייכטער לינדער אומעט: „שוכני בתי חומר"; א קהלת-ניגון, נאר אהן שווערינקייט, אהן טריעבקייט: זארגלאז, גוטמוטהיג ווי דער אונטערגאנג פונ'ם פאלעסטינער טאג... שוכני בתי חומר...

דרעהען מיר זיך אום צום קאלאניע. צורעדט מען זיך וועגען די קאלאניסטען, וועגען די תבואות היי-יאהר. קומען די שומרים ארויף אויף זייער בעליעבטער טהעמא: קליי. איינגעפיהרט נייע מאשינען, נייע מעטאדען פון ארבייט, אלע קאלאניסטען האבען נעלאכט פון איהם. איצט טוען זיי אלע איהם נאך. קליי ארבייט אליין, בע־נוצט זיך גאר ניט מיט קיין פרעמדע ארבייט, זיין ווירטשאפט איז אין דער בעסטער ארדנונג, אין פעלד — די בעארבייטסטע. — כאטש א בחור אהן א פרוי.

דערנאך וויצען, מעשה'לאך וואס ווערען דערצעהלט וועגען איהם מיט ליבשאפט און אמת'ער אכטונג.

פארנאכט זיינען מיר אריין צו קליי'ען. ער איז געווען אין הויף. ברייטע גע־זונטע פלייצעס, אנ'אפענער גוטמוטיגער פנים: מיט א ריינעם הארציגען שמייכעלע אין די אויגען, אויף די ליפען. אין איהם האט זיך געפיהלט אזא גליקליכע פעראייני־

נונג פון קרעפטיגקייט און גוטסקייט; פון א שטארקען ווילען מיט א ווייכער פשוט'ער הארציגקייט; און א בערוהיגונג פון א מענשען וואס האט געפונען א וועג...

קליי איז געזעסען אויף דער קניע, איבערגעבויגען איבער זיין אקער־אייזען...

מיר האבען זיך ארומגעזעצט לעבען איהם אויף דר'ערד. קורץ דורכגעשמועסט זיך מכח פערשיעדענע ענינים. אין איהם האט זיך באלד געמערקט ערפאהרונג, ענט־שלאסענהייט, א געוויסע בילדונג, א קלארער שכל מיט א רוהיגער געזעצטער זאכליכ־קייט. די טרוימערישע פעררריסענקייט, די צושטרייטקייט פון די רוסישע אידעאליס־טען האט איהם געפעהלט. א פערהארטעוועטער אין פייער און וואסער דורכגעגאנגענער אידעאליזם איז עס געווען. אן אידעאליזם וואס איז פערוואנדעלט געווארען אין א רוהיגער שטילער זאכליכקייט.

מ'האט די בהמות פון פעלד געבראכט. קליי האט זיך ארומגעיאגט מיט דער כהמה ביז ער האט זי אין שטאל פערטריעבען און גענומען מעלקען. די שומרים האבען פון איהם געשפאסט, גערייצט זיך מיט איהם, למאי ער האט ניט ווער עס זאל די קוה מעלקען.

דערנאך האט ער פערטריבען די עופות, אויפגעראמט דעם הויף, פערשלאסען די שטאלען. אין יעטוועדער קעהר און ריהר זיינעם פיהלט זיך אזא רוהיגקייט און איבער־געגעבענהייט...

כ'האב איהם אין פערלויף פון דער קורצער ווייל ליעב בעקומען. ס'האט זיך ברייטליך געטראכט זיצענדיג ארום איהם: „זאלען נאר אזעלכע זיכערע קרעפטיגע הענד דאס לאנד ארייננעהמען..."

אין דעם זעלבען אבענד האב איך זיך מיט קליי'ען ווידער געטראפען. עפעס א הוליאנקע ביי א קאלאניסט געווען. ס'זיינען זיך צונויפגעקומען די יונגע קאלאניסטען, די מיידלאך, די קינדער, די ארבייטער, און די צוויי שומרים: מ'האט געטאנצט, גע־זונגען ווי דער שטייגער איז אין די קאלאניעס. קליי האט ווייניג געטאנצט. ס'האט איהם עפעס ניט נעקליידט די „הארע"־טענץ. האט איהם שוין יא פערכאפט אין קאראחאד טאנצען, איז עס געווען ניט אזוי חסידייש צוכראשטשעט, נאר געלאסען, מע־סיג, זיין בנעימות'דיג געזעצטקייט און גוטמוטיגע רוהיגקייט האט איהם קיינמאל ניט אבגעלאזען.

פארטאג בין איך ארויס פון מלחמיה.

דיברייטע קרעפטיגע פיגור אין פארנאכט ליכט, אנגעבויגען אויפ'ן אקער־אייזען, האט מיך פערפאלגט ווי א סימבאל דעם גאנצען וועג...

אויפ'ן בית עלמין.

ביים שוועל פון מיין טיהר בין איך געשטאנען. מיעד און דערדריקט. געבענקט נאכ'ן היימליכען גערויש פון וואסער־מיהל, נאכ'ן שאטען פונ'ם אלעשניק פון מיין דארף און זיך צוגעהערט צו דעם שווערען פויזען פון דער היץ... ביים שוועל פון מיין טהיר בין איך געשטאנען, ווען אימיצער האט מיר מיט צושראקענע אויגען און מיט א שטילען קול פערטרויט: „היינט ביינאכט האט מען אין ראשון געקוילעט דעם אידישען וועכטער סאכאראוו, קומט, מיר פאהרען אהין".

די לויה איז געוועזן נאך האלבען טאג. א שטילע לויה. דער עולם וואס געהט נאך א שוויינענדיגער. די מטה ציהט זיך איבער זאמד, ס'הערען זיך אפילו די טריט ניט... מ'געהט פארביי די אידישע כרמים. הויכע אראבישע וועכטער אין זייערע לאנגע אבאייעס האבען אונז אנגעקוקט פרעמד און פערשטארט.... זייער קאלטקייט ווערט פערדעכטיגט. זיי ווייסען ווענעמס האנד האט די נאכט דעם האלז איבערגעשני־טען. זיי פערבארגען מיט אזא אחדות דעם בלוטיגען סוד. דער טויט ווערט ווייניג רעספעקטירט אין מזרח. דער פרעמד דער'הרג'טער מענש קימערט זיי גאר נים.

צוגעקומען צום בית־עלמין. דער מת האט לאנג געווארט. א שטיינערנער ארט גע־יועזען. האט מען זיך לאנג געמאטערט מיט'ן אויסגראבען דעם קבר. איז עפעס מאדנע אונהיימליך געווארען. דער עולם ארום איז געשטאנען ווי שולדיגע.

די ארבייטער און זיינע חברים וועכטער, אזוי פערטון אין זיך... ציהען זיי אונטער דעם ס"ה פון זייער לעבען? קלערט זיך ווען: מארגען איבערמארגען וועט עס מיר טרעפען... אדער עפעס אנדערש פערנעהמט זיי.

אנדערש איז די בעציהונג דארט צום געפאלענעם אהן דעם טראדי־ציאנעלען אידישען יאמער און אהן דעם גרויס - שטאדטיגען אונאויפריכטיגען פאראד. אנדערש. כ'ווייס קיין דעפינירונג ניט פאר דער בעציהונג. און דערצו אז אפענער ניט פערשטעלטער בית־עולם... טויטע נויטיגען זיך ניט אין שאטען פון בוימער. אזא דיסאנאנס. אנטקעגען דער זון ענטבלויזטע קברים. נאך אויף א בערגעל... עפעס די פערלענענהייט און די רעטעניש פון טויט ווערט דורך דעם שווערער און אונאננענעהמער... דער שטילער עולם אויפ'ן בית־עלמין בערגעל: די זוניגע שטומע כרמים ארום... דער גוואלד־ריס פונ'ם פריה־צייטיג ברוטאל ערמארדעטען יונגען שומר. די וויבער מיט די פערטריקענטע טרעהרען אין די אויגען און די ווייסע קאלאניע הייז־

לעך מיט די בוימער פון דערוויטענס האבען זיך אויסגעמישט אין איין שווער פער־
וויקעלטען פלאנטער פון נייע לעבענס און נייע קברים... אויף'ן וועג פון קאלאניע צום
בית־עלמין רוהט די נייע  מ י ס ט ע ר י ע  פון ארץ ישראל.

* * *

פון דער ווייטענס.

די אונצעהליגע פייערלאך ביי די ברעגען פון נילוס וואס דערצעהלען פון אוראור־
אלטען היים... פון דורות דורות לאנג איינגעווארצעלטען לעבען...

די אידילישע שפאציר־אבענדע'ן אויף די ברעגעס פון עגייאישען ים; די גריכישע
טעכטער פון ארום פירעאוס, וואס לייכטען מיט די אויגען אנטקעגען זייער זונען שיין,
וואס הילכען אנטקעגען זייער גערויש — דאס אלץ האט געצויגען צוריק; — צוריק
צום לאנד וואס ליעגט שוין הינטער דיר ווי נאך ניט אויפגעגאנגענע זכרונות...

דאס אלץ האט בעצויבערט און דערצעהלט וועגען דער ליכטיגער מיסטעריע פון
א לאנד...

יא. דא, פון דערווייטענס ווערט מיר קלאר: דער דראנג נאך דעם פריעדליכקייט
און היימישקייט פון לעבען: נאך דער אייביגער לעגענדע, נאך דעם הייליגען ציטער
פון פאלק און לאנד — דער דראנג נאך גליק און פרייד פון א היים, דאס איז דער אינ־
טואיטיווער נשמה סוד פון די געפאלענע און איינזאמע ברידער אין ארץ ישראל.

אלפרסון.



## פון די ארויסגעבער:

מיט פינף חדשים צוריק איז ערשיענען דאס בוך „יזכור“ אין אידיש, אונטער דער רעדאקציע פון די חברים זרבבל, י. בן צבי און א. חאשין. די אידישע פרעסע איבער׳ן גאנצען לאנד, אין די פעראייניגטע שטאטען און קאנאדע, און אויך אין די לענדער אין אייראפא וואו דאס בוך האט נאר געקאנט דערגרייכען ביי די יעצטיגע בעדינגונגען פון וועלט־מלחמה, האט זיך אהן אונטערשיעד פון ריכטונג און פארטיי אבגערופען מיט דער טיעפסטער אכטונג און בעוואונדערונג אויף דער ערשיינונג פון „יזכור“ — „דאס בוך פון טהאט“, וואס דערצעהלט פון העל־דישען קאמפף און מסירות־נפש פון די געפאלענע וועכטער און ארבייטער אין ארץ ישראל. אין פערלויף פון איניגע חדשים האט זיך שוין געפאדערט א צווייטע אויפלאגע.

א מצבה די געטרייסטע קינדער פון אידישען פאלק — איז דער „יזכור“, — און די ארויסגעבער האבען זיך בעמיהט ווי וויט מעגליך צו פארפאלקאמענען אין דער צווייטער אויפלאגע דעם מאנומענט וואס דארף עהרען דעם אנדענק פון די העלדען־אידעאליסטען וואס האבען זיך מוסר נפש געווען פאר דער אויפ־לעבונג פון אידישען פאלק אין זיין אייגען לאנד.

ליידער האבען צוויי מיטגליעדער פון דער ערשטער רעדאקציע, די חברים זרבבל און י. בן צבי ניט געקאנט זיך בעטייליגען אין דער רעדאגירונג פון דער צווייטער אויפלאגע צוליעב זייער אבוועזענהייט פון ניו יארק.

די ארויסגעבער דריקען אויס זייער טיעפסטען דאנק אלע פריינד וואס האבען צוגעשיקט בילדער און ביאגראפישע מאטעריאלען פאר דער צווייטער אויפ־לאגע, בעזונדערס די חברים און פריינד ד. רזשאווסקי (יזרעאלי) און י. כצמן פון ניו יארק, פ. טוניק פון סינסינעטי, י. פויגעלמאן און ד. שארעק פון מיננעאפאליס, יעקב ראווידאוויטש פון קליוולאנד און וו. בריל פון מאסס.

די ארטיקלען „צוויי“ פון ר׳ בנימין, „זכרונות“ פון יעקב ראבינאוויטש, „יעקב פלאטקין“ פון י. בן צבי און א. ז. ראבינאוויטש זיינען איבערזעצט פון העברעאישען „יזכור“.

„יחזקאל ניסאנאוו“ פון צבי בעקער, „אויף מאיר האזאנאוויטש׳ס קבר“ פון אלכסנדר זיינען פריהער ערשיענען אין העברעאיש אין „האחדות“.

„נאטיצען“ פון י. ח. בערגער, „משה בארסקי“ פון ש. דין און „א בריעף“ פון הירץ בארסקי זיינען ערשיענען אין העברעאיש אין „הפועל הצעיר“.

אלע אנדערע ארטיקלען און נאטיצען זיינען געשריבען ספעציעל פאר דער אידישער אויסגאבע פון „יזכור“.

**פועלי ציון פאלעסטינא־קאָמיטעט.**

ניו יארק, ערב סכות, תרע״ז.

